Eisenstadt, Samuel

ד"ר ש. אייזענשטאדט

Di nevi'im

# די נביאים

זייער צייט און זייערע געזעלשאַפטלעכע אידעען

1926

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין

# הקדמה.

די נביאים, די סאָציאַלע דענקער פֿון פֿאַרצייטיקן ישראל, און די נבואה־ליטעראַטור, וואָס נעמט אַרום פֿאַרשידענע געזעלשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, בלייבן עד־היום אויסערן תחום פֿון דער סאָציאָלאָגישער פֿאָרשונג. יעדער וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט דער סאָציאַלער געשיכטע פֿון דער אַלטער וועלט, הייבט זיך אָן דאָס רוב מיט די גריכן און רוימער און לאָזט איבער די אַלטע ישראלשע ליטעראַטור און געשיכטע פֿאַר די טעאָלאָגן, וועלכע פֿילן זיך דאָ באַזונדער היימיש און זעען אין דער גלענצנדער תקופֿה פֿון סאָציאַלן דענקען און סאָציאַלן קאַמף ניט מער, ווי אַ לאַנגע הקדמה צום קריסטנטום, וואָס האָט אייגנטלעך ניט געדאַרפֿט די מינדסטע שייכות צו דעם געזעלשאַפֿטלעכן מהות פֿון דער נבואה. אָבער דעמאָלדיקן געזעלשאַפֿטלעכן מהות האָבן די אייגענע פֿאַרזען; זיי האָבן דעם נביא אָפּגעטיילט פֿון דעם כלל־מענטשן, צווישן וועלכע ער האָט געלעבט, אים אַרויסגעריסן פֿון זיין נאַציאָנאַלער און עקאָנאָמישער סביבה און פֿון דער היסטאָרישער תקופֿה, און האָבן אים באַטראַכט נאָר אין זיין באַציאונג צו דער אמונה. די האָבן אינגאַנצן ניט איינגעזען, אַז דער נביא איז געשטאַנען אין די אינטימסטע באַציאונגען צום מאַסן־לעבן פֿון זיין צייט, אַז אין דער מאַסע און פֿאַר איר האָט ער געפּרעדיקט זיינע אידעען. זיי האָבן פֿאַרזען, אַז דער נביא וויל ניט קיין סיגופֿים און תעניתים, רעדט ערגעץ ניט פֿון

דער נביא איז האָט רוב אַ זון פֿון דאָרפֿישן המון; ער שטייט אין פֿאָלק, ליידט פֿון זיינע ליידן, דעקט אויף זיינע וואונדן און חכמט אַלויזונג פֿאַר זיינע לעבנס-פֿראַגן. אמת, זיין אַרט באַליכטן די סאָציאַלע פֿראַגן איז, ווי ביי אַלע אָריענטאַלישע דענקער, אַ רעליגיעזע, פֿון גאָט קומט גוטס און שלעכטס, רייכקייט און נויט, אָבער גאָט גופֿא איז אין דער נביאישער ליטעראַטור שוין מערניט בלויז אַ בלינדע סטיכישע קראַפֿט, ער איז אַ סאָציאַלער כוח, וועלכער ווירקט לויט באַשטימטע עטישע געזעצן און וועלכער שטעלט פֿעסט דיזאָזיקע געזעצן לטובֿת דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט גופֿא.

די לעצטע צייט, ווען עס זיינען אויפֿגעדעקט געוואָרן אַוועלכע רייכע דענקמעלער פֿון דער אַלטער אַשורישער, בבֿלישער און מצרישער קולטור, ווען די כּתבֿים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן מיטן בבֿלישן פֿלעקל-כּתבֿ און מיט הערהאָגליפֿן-כּתבֿ, האָט יעדער פֿריי באַקומען צום לייענען, איז קלאָר געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע און די קולטור-סבֿיבֿה, אין וועלכער עס האָבן געלעבט און געפֿירדיקט דייערע אידען די ישראלישע נבֿיאים. אַ דאַנק דעם גלענצנדיקן ערפֿאָלג פֿון די אויסגראָבונגען אין די מורח-לענדער, זיינען אונז פֿאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן קלאָר געוואָרן די פֿאַרשיידענע פּאָליטישע געשעענישן, אויף וועלכע עס האָבן אָנגעווזן די נבֿיאים, עס איז קלאָר געוואָרן די רעכטלעכע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג, וואָס זיי האָבן קריטיקירט. אַלע מלכים און הערשער, שטעט און לאַנד-טיילן, וועלכע זיינען געווען פֿריער גיט מער ווי טויטע נעמען, האָבן באַקומען אַ ממשותדיקן אינהאַלט. די נבֿיאישע ספֿרים האָט מען אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אין צוזאַמענהאַנג מיט די רעזולטאַטן פֿון די נייע אויסגראָבונגען, מען האָט אין זיי געפֿונען די כאַראַקטעריסטיק פֿון פערזאָנען און פֿון פּאָליטישע דערשיינונגען, וואָס זיינען דער וועלט ערשט איצט

תחית־המתים און פֿון לעבן נאָכן טויט, ער שטייט מיט בײדע פֿיס אויפֿן ריעאַלן באָדן פֿון זײַן צײַט און אָרט. דער אײנציקער ציל, צו וועלכן ער שטרעבט, איז די האַרמאָניע פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, און די אמונה איז נאָר אַ לײַט־מאָטיוו, אַ לבֿוש פֿאַר זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע אידעען. זען דעם תּמצית פֿון די נבֿיאישע אידעען און זייער באַציאונג צו דער אמונה, איז גלײַך, ווי מען זאָל זוכן דעם טעם און די אײגנשאַפֿטן פֿון אַ וועלכער עס איז פּרי ניט אין איר גופֿא נאָר אין איר שאָלעכטס.

די נבֿואה איז אַ פּראָדוקט פֿון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון יידישן פֿאָלק. זי איז אַ פּראָטעסט אַנטקעגן די געזעלשאַפֿטלעכע סתּירות, קעגן דער דעמאָראַליזירונג פֿון די הערשנדע קלאַסן, קעגן דער נויט און עלנט פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע. זי באַגריסט און באַגרינדעט אידעאָלאָגיש דעם אויפֿשטאַנד פֿון אונטערדריקטע פֿעלקער און קלאַסן קעגן זייערע הערשער און זאָגט פֿאָראויס די מפּלה פֿון עגיפּטיש־אַשורישן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אין זייער צײַט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פֿון אַלמעכטיקייט. די אַגראַר־פֿראַגע אין הארץ, און דער קאָנטראַסט צווישן לוקסוס און הונגער אין שטאָט — דאָס איז געווען די קוואַלע, אויף וועלכער עס האָבן זיך געוועבט די נבֿיאישע אידעען.

דער נבֿיא איז ניט קיין נזיר, קיין בעל־חלומות, ווי עס מאָלט אים אין אונדזער פֿאַנטאַזיע סײַ די יידישע סײַ די קריסטלעכע טעאָלאָגיע. דער נבֿיא ווייס לגמרי ניט פֿון התבודדות און פֿון רעליגיעזע מיסטעריעס, ער האָט קיין שום שײַכות ניט צו דער פֿאָרמעלער אמונה, זײַן דור האָט אים געהאַלטן, פֿאַרקערט, פֿאַר אַן אַפּיקורס, און ערשט ווען די פֿאָלקס־אמונה האָט זיך שפּעטער דערהויבן צו די הויכענישן פֿון זײַנע סאָציאַלע און עטישע בליקן, האָט זי אים אָנגעהויבן שעצן אַלס לערער, אַלס אויטאָריטעט.

גרונט פֿאַלשער דעה, אַז די יידישע קולטור געפֿינט זיך אין אַ לאַנג פֿאַרענדיקטן צושטאַנד פֿון אַנטוויקלונג, און אַז די יידישע קולטור איז שוין אַ ירושה פֿון אַן אונטערגייענדיקן פֿאָלק. די סאָציאַלע געשיכטע פֿון ישראל, זייַנע סאָציאַלע דענקער און קעמפֿער, די אַנטוויקלונג פֿון זיין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן — דאָס אַלץ, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם תמצית פֿון פֿאָלקס־שאַפֿן איבער שטח פֿון דורות, די גאָלדענע קייט, וואָס פֿאַרבינדט צו־זאַמען די פֿאַרשיידענע תקופֿות אין זיין לעבן — דאָס קאָן ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַ טויטער פֿאַרמעגן. די פֿאָרשונג קאָן ציִען איר יניקה נאָר פֿון אַ לעבעדיקער סאָציאַלער באַוועגונג אין היינטיקן יידנטום.

און דעריבער איז איצט די מאָדערנע יידישע וויסנשאַפֿט, דאָס ניי־געבאָרענע קינד פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכער באַוועגונג, מחויב געוואָרן צו עפֿענען דעם וועג פֿאַר דער פֿאָרשונג פֿון יידישן סאָציאַלן לעבן בכלל און פֿון די נביאישע אידעען בפֿרט.

ביי אַזאַ צוגאַנג זיינען מיר אויך פֿאָראויס זיכער, אַז דער רעליגיעזער מאָמענט ביי די נביאים וועט דורך אונז ריכטיק אָפּ־געשאַצט ווערן, ווייל אין דער עצם אמונה זעען מיר אַ סאָציאַלע ערשיינונג, אַ פּראָדוקט פֿון אַ באַשטימטער עקאָנאָמישער סביבה.

אין אונדזער צייט מיט אירע ראַדיקאַלסטע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע שטרעבונגען דאַרפֿן די סאָציאַלע אידעען פֿון די נביאים באַגעגענען אַ לעבעדיקן אינטערעס אין די ברייטע קרייזן פֿון פֿאָלק. עס איז נאָר נייטיק צו גובֿר זיין די גלייכגילטיקע באַציאונג, וועלכע עס האָט געשאַפֿן צו זיי די אַלטע טראַדיציאָנעלע שול מיט דעם, וואָס זי האָט אינגאַנצן פֿאַרשוויגן דעם סאָציאַלן אינהאַלט פֿון די נבֿואה־ספֿרים.

לײַדער, איז שוין אויפֿגעקומען ביי אונז אַ דור, וואָס האָט ניט געלערנט די אַלטע יידישע ליטעראַטור ניט אין חדר, ניט

באַקאַנט געוואָרן. דאָס האָט אָבער צום טייל געבראַכט, מען זאָל זיך בעת דער באַטראַכטונג פון דער נביאישער ליטעראַטור דערהויפּט אָפּשטעלן אויף די נביאות, וואָס זיינען נוגע אַנדערע פעלקער, אויף זייערע פּראָבלעמען פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, — און עס איז אָפט פאַרגעסן געוואָרן, אַז אין צענטער פון דעם נביאיש וועלט-אָנשויאונג שטייט די געזעלשאַפטלעכע ווירקלעכקייט פון ישראל, וועלכער דאַרף אין שטורעם-גאַנג פון קעמפנדן אימפּעריאַליזם געפינען זיין געשיכטלעכן וועג. ישראל דאַרף ווערן דער מוסטער פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און גלייכקייט און זיין קליין פאָטערלאַנד — די היים פון פרייהייט און ברידערלעכקייט פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. די אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אָנשויאונגען פאַרלירן אַזוי אַרום זייערע חשיבות, ווען עס פעלט אין זיי די צענטראַלע פיגור, ישראל, דער רעוואָלוציאָנערער נעסט פון נייע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן.

וויכטיקער פון אַלץ זיינען פאַר אונז דעריבער די אויפגראַבונגען אין די מזרח-לענדער, ווייל די האָבן אויפגעדעקט מן-הצד פיל איינצלהייטן פון עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן אין יהודה און ישראל גופא און מעגלעך געמאַכט קאָנקרעט צו פאַרשטיין די נביאישע אַרויסטרעטונגען.

עס האָבן זיך אויפגעעפנט ברייטע האָריזאָנטן פאַר דער פאָרשונג פון דער אַלטער יידישער געזעלשאַפטלעכער קולטור בכלל, און פון די נביאישע אידעען בפרט, עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ באָדן פאַר אַן ערנסטער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. איצט איז נאָר געבליבן, אַז אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן זאָל מען זיך אויף אַן אמת פאַראינטערעסירן מיט די סאָציאַלע אידעען פון אַלטן ישראל און אָן רעליגיעזע אָדער אַנדערע פאָרורטיילן צוטרעטן צו זייער גרינטלעכער אויספאָרשונג.

אָבער קודם-כל דאַרף געמאַכט ווערן אַ סוף צו יענער אין

אין שול. אַזוי איז עס אין דער האַלב־אַסימילירטער אינטעליגענץ, אַזוי אויך אין די ברייטע קרייזן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. אין דידאַזיקע קרייזן נעמט זיך שוין דיִ גלײַכגילטיקייט צו די נביאים פשוט פון אומוויסנדייט.

באַקאַנען די ברייטע קרייזן אין אַ פּאָפּולערער און אַלגעמיין פאַרשטענדלעכער שפראַך מיט די נביאים, זייער צייט און זייערע געזעלשאַפטלעכע אידעען — דאָס איז די כוונה פון דערדאָזיקער אַרבעט.

מיר ווילן נאָר וואָרענען אונזערע לעזער, אויף דעם שטח פון דריטהאַלבן טויזנט יאָר, וואָס ליגט צווישן דער תקופה פון די נביאים און דייער צייט. אונטערן רושם פון די מעכטיקע געשעענישן פון אונזער יאָרהונדערט קאָן אָפט ניט געניג קלאָר פאַרשטאַנען ווערן די נייקייט און די גרויס פון די נביאישע אידעען אין דייער צייט. דער לעזער דאַרף זיך דעריבער אַריבערטראָגן אין יענער צייט מיט אירע לפי־ערך פרימיטיווע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען און מיט איר יונגער און אייגנאַרטיקער קולטור. נאָר דאַן וועט ער זיין אימשטאַנד ריכטיק אָפּצושאַצן די נביאים און זייערע געזעלשאַפטלעכע אידעען.

ב״ר. ש. איזענשטאַדט.

## 1. וואָס איז אַזוינס אַ נביא?

נאָך איצט באַנוצט זיך דאָס פאָלק אין זיין אומגאַנגס־שפּראַך מיטן וואָרט „נביא", „נביאות זאָגן". עס האָט זיך, ווייזט אויס, אין פאָלקס־שפּראַך נאָך עד־היום דערהאַלטן אַ באַשטימטער באַגריף וועגן דעם אַרט טראַכטן און דענקען, וועלכער ליגט אין דער נאַטור פון דער נבואה. און עס קאָן דעריבער אין פלוג ניט זיין קיין גרינגערע זאַך, ווי צו ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס איז אַזוינס אַ נביא. מען דאַרף זיך נאָר ווענדן צום פאָלק, צוהערן זיך, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער באַנוצט זיך מיט דעמדאָזיקן באַגריף.

אין דער אמתן אָבער איז עס אַ גרויסער טעות. עס ליגט שוין אין טבע פון דער פאָלקס־מאַסע אָפּצושטעלן זיך דערהויפּט אויף יענעם שטריך פון אַ גרויסער, פילדיימיזיקער ערשיינונג, וואָס וואַרפט זיך איר מער אין די אויגן, וועלכן עס איז איר גרינגער צו פאַרשטיין. דעמדאָזיקן איינציקן שטריך נעמט זי אָן פאַר דער גאַנצער ערשיינונג גופא, פונקט ווי דאָס קינד, וועלכעס, באַטראַכטנדיק דעם אַרויסגעפאַלענעם שניי, באַמערקט צוערשט זיין ווייסקייט און איז נאָך ניט ביכולת תופס צו זיין אַנדערע, ניט ווייניקער וויכטיקע איינגנשאַפטן דינע, וואָס וואַרפן זיך ווייניקער אין די אויגן פון אַנדערע אָן.

אין יענער ווייטער היסטאָרישער תקופה, אין וועלכער עס דינען צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן די נביאים, האָט אין דער פאָלקס־אמונה פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט דאָס פאָראויסזאָגן פון דער

כהן האָט געראַפֿט אויף זיין שטייגער פֿאָראויסזאָגן די צוקונפֿט די מענטשן פֿון פֿאָלק, וואָס פֿלעגן זיך צו אים ווענדן. האָט ער דען געקאָנט די אָפּזאָגן אין זייער פֿרומען וואונטש? וואָלט דאָס דען ניט געהייסן דערנידעריקן גאָט אין די אויגן פֿון פֿאָלק? אָדער אַרויסווייזן זיין אייגענע שוואַכקייט, אַז ער איז ניט ביכולת משיג צו זיין דעם געטלעכן ווילן? אַזוי איז אויפֿגעקומען אין די היילי‏קע שטעט דער אַלטער אורים-ותומים, דער פּאַרציי‏טיקער ישראל-שער אָראַקול, נאָך וועלכן דער כהן פֿלעגט פֿאָראויסזאָגן דעם גורל פֿון יחיד און פֿון כלל.

אויך דער נביא האָט אין אַ געוויסן פּרט פֿאָראויסגעזאָגט די צוקונפֿט; ער איז אָבער ניט געווען קיין בלינדער טרעפֿער פֿון אַ העכערן ווילן, וואָס אַנטפּלעקט זיך אים אין ריין-אויסווייניקסטע מעכאַנישע סמנים. דער נביא האָט, פֿאַרקערט, אָפּגעוואָרפֿן דעם שטרענגן פֿאַטאַליזם, וואָס פֿאַרצוימט דעם מענטשנס וועג און לערנט אים מוטלאָז נאָכשלעפּן זיך נאָך אומפֿאַרשטענדלעכע באַפֿעלן פֿון אויבן; ער האָט געגלויבט אין דעם פֿרייען ווילן פֿון מענטשן, וואָס איז לכתחילה אַוועקגעשטעלט פֿאַר צוויי וועגן, דעם וועג פֿון גוטס און שלעכטס, גערעכטיקייט און אומגערעכטיקייט, גליק און אומגליק, ליבע און האַס, און ער אַליין האָט די ברירה אויסצו-קליבן זיך זיין לעבנס-וועג, לויט זיינע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַ-דערפֿענישן און מעגלעכקייטן. נאָר יעדער פֿעלער, וואָס עס באַגייט דער יחיד און דאָס פֿאָלק, יעדע זינה קעגן די געזעצן פֿון דער נאַטור און פֿון סאָציאַלן יושר גייען ניט אַריבער אומבאַצאָלט, די צוקונפֿט באַווייזט שטענדיק באַשוינפּערלעך צו וואָס עס פֿירן דעם מענטשנס גוטע און שלעכטע מעשים. די האָזיקע צוקונפֿטיקע רעזולטאַטן זעט דער נביא פֿאָראויס, ווייל ער ווייס קלאָר די שאָטנזייטן פֿון דעם עקסיסטירנדיקן געזעלשאַפֿטלעכן סדר, ווייל ער זעט פֿאַר זיך אין אידעאַל אַן אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדע-

צוקונפט. ניט האָבנדיק נאָך קיין השגה פון די סאָציאַלע און נאַטור-געזעצן, האָט דער מענטש געגלויבט בלינד, אַז זיין לעבנס-גורל, זיין גליק און אומגליק, זיין נצחון און זיין מפלה, זיינען שוין פאָראויס באַשטימט; ניט האָבנדיק קיין אייגענעם געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין, האָט ער זיך יעדעס מאָל ביי אַ פאַרלעגנהייט געווענדט צו די, וועמען עס זיינען געווען, נאָך זיין פאָרשטעלונג, פאַרטרויט די שליסלען צו די געטלעכע סודות.

דידאָזיקע אויפגאַבע האָט אויף זיך צום ערשטן מאָל גענומען די אמונה אין בבל, וואו די כהנים פלעגן באַשטימען דעם גורל פון מענטשן, פון גאַנצע שטעט, פעלקער און מלוכות נאָך דעם גאַנג פון די שטערן, וועלכע זיי פלעגן באַטראַכטן פון זייערע הויכע טורעמס. פון בבל איז דאָס דאָזיקע פאָראויסזאָגן די צוקונפט אַריבערגעגאַנגען, ווי די בבלישע רעליגיעזע קולטור בכלל, קיין כנען, און דאָ, אין די אַלטע פּאַרציימיקע הייליקע שטעט, האָט דער כהן געדאַרט פאַר זיין אויפגאַבע פאָראויסצוזאָגן די מענטשן פון פאָלק, וואָס פלעגן זיך צו אים ווענדן, זייער גורל און זייער צוקונפט. אַהער פלעגן קומען די עלטסטע פון די שבטים צו פרעגן, צי וועט די גאָט צושיקן אַ נצחון אין דער מלחמה מיטן שונא, אַהערצו פלעגט די דאָרפס-קהלה קומען פרעגן, וועמען זי זאָל אויסקלייבן (אָדער ריכטיקער געזאָגט: וועמען האָט שוין גאָט פאַר איר אויסגעקליבן) פאַר אַן אָנפירער, אַהערצו פלעגט קומען אויך דער פּאַסטוך פרעגן וועגן זיין פאַרלוירענעם שאָף. בשעת די שבטים פון ישראל האָבן איינגענומען דאָס לאַנד, האָבן זיי איבערגענומען ביי די כנענים אויך די הייליקע שטעט מיט זייער רעליגיעזן קולט, וועלכער איז געווען דאַמאָלסט ענג פאַרבונדן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיט דער ערד-אַרבעט 1). אויך דער ישראלשער

1) זע ווייטער, זייט 18.

אַ נביא". דער עצם באַגריף פֿון נביא איז אין דער אמתן פֿיל טיפֿער, דער נביא איז דער פֿאָלקס-רעדנער און פֿאָלקס-קעמפֿער, וועלכער קריטיקירט עפֿנטלעך די עקסיסטירנדיקע אָרדענונג, אַנט-וויקלט דעם געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזיין פֿון דער פֿאָלקס-מאַסע און גיט דורך זיינע פּשוטע און קלאָרע רייד, בילד-רייכע אויס-דרוקן און משלים דעם פֿאָלק די מעגלעכקייט צו אָריענטירן זיך אין די געשעענישן און צו באַטייליקן זיך אַליין אין פּאָליטישן לעבן. — דאָס זיינען די גרונט-יסודות פֿון דער נבואה אַלס אַ געזעלשאַפֿטלעכע ערשיינונג.

דאָס עצם-וואָרט „נביא" איז אַ העברעער און שווער-פֿאַרשטענד-לעכער. נאָך זיין שורש און גראַמאַטיקאַלישער פֿאָרם איז עס אַן אַלט-שמיש וואָרט, דאָס הייסט עס געהערט נאָך צו יענער תקופֿה, אין וועלכער די אַלט-שמישע מוטערשפּראַך האָט זיך נאָך ניט צעצווייגט אויף איינצלנע טעכטער-שפּראַכן. אַזוי אַרום איז דער באַגריף נביא ניט אויפֿגעקומען ערשט אין דער ישראלשער געשיכטע, נאָר אויך אַנדערע שמישע פֿעלקער האָבן געברויכט דאָס דאָזיקע וואָרט, ווייל זיי האָבן געהאַט זייערע נביאים.

ווען מיר זאָלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף משלים פֿון דער שפּע-טערדיקער צייט, אין וועלכער עס איז אויפֿגעקומען ביי די אַראַבער מיט דער סטילישער און טעמפּעראַמענטפֿולער קראַפֿט פֿון אַ נביא אַ רעליגיעזער רעפֿאָרמאַטאָר ווי מחמד, באַגעגענען מיר אין דער פֿריער תנ"ך-תקופֿה נאָר איין איינציקן ביישפּיל פֿון אַ נביא ביי אַ צווייטן שמישן פֿאָלק, וואָס האָט געלעבט אין שכנות פֿון ישראלן, ביי די מואָבים. דאָס איז בלעם. הגם ער ווערט אָנגערופֿן דורך דעם שרייבער פֿון דער תורה מיט אַ גאַנץ באַשטימטער כוונה ניט נביא נאָר כישוף-מאַכער, אָבער נאָך זיין גאַנצן אַרט אויסטרעטן קאָנען מיר זען, ווי גייסטיק נאָענט ער שטייט צו די ערשטע ישראלשע נביאים: היציקע התלהבות און טעמפּעראַמענט, היציקע

גונג, וואָס איז געבויט אויף די יסודות פון גלייכהייט און גערעכטי-
קייט. דער נביא זעט פאָראויס די צוקונפט, ווייל ער שאַצט אָפּ
ריכטיק די געגנוואַרט. ער שיידט זיך ניט אונטער פון אַ רעאַל
פּאָליטיקער פון אונזער צייט, וועלכער האָט, אַ שטייגער, געקאָנט
פאָראויסזען און פאָראויסזאָגן די מפּלה פון דייטשלאַנד אין דער
וועלט-מלחמה און אָנווייזן דעם דייטשן פאָלק אויף די גרויסע
קרבנות, וועלכע עס וועט אים אויסקומען צו ברענגען, אויף דער
עקאָנאָמישער נויט און פּאָליטישער ירידה, צו וועלכער עס וועט
דערגרייכן. דער הילוק באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס דער נביא
פלעגט אויפן אַלט-אָריענטאַלישן אופן אַרויסטרעטן פאַרן פאָלק
אויפן מאַרק-פּלאַץ אָדער ביים טויער פון שטאָט און ניט אין
פּאַרלאַמענט, אין אַ געשלאָסענער פּאָליטישער פאַרזאַמלונג אָדער
אין אַ צייטונגס-אַרטיקל.

וויבאַלד אָבער דעם נביאס פּאָליטישע וואָרענישן און פאָראויס-
זאָגן פלעגן דערפילט ווערן און זיין היסטאָרישער פּראָגנאָז
פלעגט זיך אַרויסווייזן פאַר גערעכט, האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן
צו גלייבן בכלל אין זיין קראַפט און פעאיקייט צו טרעפן און
צו פאָראויסזען, און האָט זיך אָנגעהויבן צו באַציען מיט מער
פאַרטרויען צו זיינע עצות, ווי צו די קאָלטע, בלינד און מעכאַניש
געגעבענע ענטפערס פון אורים ותומים.

אין יענער אַלטער צייט פלעגט דאָס פאָלק שוין אָנרופן דעם
נביא „ר ו א ה" — „זעער" און הערמיט אונטערשטרייכן דעם פאַקט,
אַז דער נביא זעט פאָראויס די צוקונפט. אין העמדראַזיקן זין באַ-
נוצט אויך אין אונזער צייט דאָס פאָלק דעם וואָרט „נביא" און,
איבערפאַרזוירנדיק דעם תּלמודישן אַפאָריזם. „מיום שחרב בית-המקדש
נמסרה נבואה לשוטים" („זינט דער בית-המקדש איז חרוב געוואָרן,
איז די נבואה אַריבער צו די נאַראָנים"), זאָגט דאָס פאָלק יעדער
מאָל, ווען עמיצער וויל טרעפן דאָס, וואָס וועט געשען—„אַ נאַר איז

עמישן און סאָציאַלן באַוואוסטזיין, וועלכער קומט אין רעזולטאַט פון זיין גייסטיקער פאַרטיפ״ זיך אין דעם פּראָבלעם, וואָס מאַטערט זיין מוח. ער זוכט אַן ענטפער אויף די פראַגן, וואָס קומען אויף פאַר אים, וואָס לאָזן אים ניט רוען, כדי דעמדאָזיקן ענטפער צו ברענגען הערנאָך דעם פאָלק. ניט שטענדיק גיט זיך אים אָבער איין דעם ענטפער צו געפינען. ער האָט אים ניט קיין גרייטן, ער ווענדט זיך אַליין צו גאָט מיט אַ רייע האַרבע פראַגן. אין דעם קריטישן מאָמענט, ווען עס קומען אויף פאַר אים ספקות, ווען דיין האַרץ איז צעריסן און זיין גלויבן איז פאַרסמט, גייט ער, דער מענטש מיטן געזעלשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, אַוועק אין אַ זייט, זוכט זיך די איינזאַמקייט, וואַנדערט ווייט פון מענטש-לעכן ישוב צווישן מדבריות, ניט ווייל ער איז אַ נזיר, וועלכער האָט זיך אָפּ פון דער וועלט, נאָר כדי צו בלייבן מיט זיך אַליין און אָפּגעבן זיך אַ חשבון אין די האַרבע פראַגן, וואָס זיינען פאַר אים אויפגעקומען. און פלוצלונג באַלייכט זיין גייסטיקן „איך״ אַ העלער באַוואוסטזיין, ניט שטענדיק אַ לאָגיש-דורכגעטראַכטער, גי-כער אַ אינטואיטיוו-אַנטפּלעקטער; און זיין געפיל דערהויבט זיך, דיגע ספקות פאַרשווינדן, זיין רצון ווערט פעסטער, ער איז משיג די קראַפט פון די געזעצן, וואָס ווירקן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

די גייסטיקע פרייהייט פון דעם נביא, דער געזעלשאַפט-לעך-רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער פון זיין גייסט, זיין כוח צו רייסן מיט די טראַדיציעס און פאָראורטיילן פון זיין צייט, דערקלערן זיך דערמיט, וואָס דער נביא האָט זיך קיינמאָל ניט באַטראַכט אַלס אַ קנעכט פון גאָט, וועלכער דערפילט בלינד דעם פאַרואָג פון דעם, וואָס שטייט איבער אים, איבער אים, וואָס דערפילט מעכאַניש אייזערנע געזעצן, ערפונדענע, פאַרשריבענע און גע-התמעטע דורך אַנדערע. נאָר ער איז דער שליח פון גאָט, וועלכער

אָפּגעהאַרציקע עפּנטלעכע אַרויסטרעטונג פאַרן פאָלק, דאָס זעלביקע פרייע און זעלבשטענדיקע האַלטן זיך קעגן די הערשער פון לאַנד. פונקט ווי די נביאים פון ישראל האָט ער ברייטע פּאָליטישע האָריזאָנטן, וואַרפט זיין בליק אויף די פאַרשיידענע פעלקער און מלוכות פון דאַמאָלסדיקן מזרח. אַ גאַנצע שורה פון אַזעלכע נביאות האָבן מיר אין דעם ספר בלק. זיי זיינען געשריבן אין אַ שיינער בילדער־רייכער שפראַך און שטאַמען נאָך אַפשר פון דער אַלטער מואב־שפּראַך, וועלכע איז (ווי מיר ווייסן פון דעם דענקמאָל פון קיניג מישע) זייער נאָענט צו דער העברעאישער.

דאָס וואָרט „נביא", ווי עס ווייזן אויף די פאָרשער פון שמישע שפּראַכן, האָט באַדייט אין דער אַלט־אַראַבישער שפּראַך דעם, וואָס רעדט אין עמיצנס שליחות. אין דעם זין קומט דאָס וואָרט פאָר אויך איינמאָל אין דער ביבל. בשעת משה קלאָגט זיך פאַר גאָט, אַז ער איז אַ שטאַמלער און קאָן ניט גיין צו פרעהן איבערצורײדן מיט אים, ער זאָל באַפרייען די ישראלישע שבטים, דאַן ווייזט אים גאָט אָן אויף אהרנען זיין ברודער און זאָגט אים, ער זאָל איבערגעבן זיינע רייד דורך אים און ער וועט זיין זיין נביא, דאָס הייסט, ער וועט ריידן אין זיין נאָמען, אין זיין שליחות.

דער נביא איז ניט מער ווי אַ שליח, אַ פאַרמיטלער. דורך זיינע ליפּן רעדט די געטלעכקייט, די לאָגיק, די געשיכטע. גאָט,— וועלכן דער מזרח־מענטש פאַרשטייט אַלס סימבאָל פון דיזאָיקע באַגריפן — רעדט דורך זיינע ליפּן.

און דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער מאָמענט אין דער נבואה, וועלכער האָט געבראַכט צו זייער פיל טעותן וועגן דעם וועלטלעכן און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער אירן. די געלערנטע טעאָלאָגן און דאָס פאָלק האָבן אין אַ גלייכער מאָס פאַרפלאַכט די פאָרשטעלונג וועגן דער געטלעכער התגלות ביי די נביאים, וואָס איז ניט מער ווי די אינערלעכע־יניקסטע אַנטפּלעקונג פון זיין

## 2. דער אָנהייב פון דער נבואה.

די נבואה איז אַ געזעלשאַפטלעכע ערשיינונג, וואָס איז געבונדן מיט די טאָג-טעגלעכע באַדערפענישן פון דער מאַסע און דעריבער האָט זי ניט געקאָנט צופעליק אויפקומען. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן גופא, אין דעם גאַנג פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג מוזן ליגן די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די נבואה. ווייבאַלד אַז דער עיקר-געדאַנק פון נבואה באַשטייט אין קריטיקירן די עקסיסטירנדיקע אָרדענונג, אין קעמפן קעגן דער געזעלשאַפטלעכער אומגלייכקייט, איז במילא קלאָר, אַז די נבואה האָט ניט געקאָנט אויפקומען אַלס אַ רעאַלע געזעלשאַפטלעכע ערשיינונג, איידער עס איז בכלל געווען אַן אָרגאַניזירט געזעלשאַפטלעך לעבן אין פאָלק און איידער עס האָט זיך ווייניקסטנס אין אַ שוואַכער געשטאַלט אַרויסגעוויזן די אומגלייכקייט פון דער געזעלשאַפט, די אונטערדריקונג פון איין מענטשן דורך דעם צווייטן.

אַזאַ תקופה האָט געקאָנט אָנקומען ניט פריער, איידער די וואַנדער-שבטים זיינען אַריבער צו ערד-אַרבעט און האָבן זיך קאָלאָניזירט אין לאַנד כנען.

בשעת דער וואַנדער-צייט האָט נאָך קיין פאָלק אין פּאָליטישן זין פון וואָרט ניט עקסיסטירט. די איינצלנע שבטים זיינען ניט געווען פאַראייניקט ניט דורך איין טעריטאָריע, ניט דורך איין פּאָליטישן כח. יעדער שבט האָט זיך צעפאַלן אויף איינצלנע געזינדן (בתי-אבות), און יעדע האָט באַזונדער געפירט איר שאַף.

לעבט אין אים, אַז וועלכן ער האָט זיך באַהעפט פון דער יוגנט אָן און וועמעס שליחות ער האָט איבערגענומען לויט זיין פרייען ווילן און פרייער איבערצייגונג.

דער דאָזיקער רעליגיעז-פסיכאָלאָגישער מאָמענט אין דער נבואה האָט געגעבן אַ נייע קראַפט די נביאים אין זייערע סאָציאַלע אַרויס-טרעטונגען. אין די קריטישע מאָמענטן פון זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ווען דאָס פאָלק האָט זיי ניט פאַרשטאַנען, און די הערשער פון לאַנד האָבן קעגן זיי פאָרגענומען בלוטיקע רדיפות, האָבן זיי געפונען די גייסטיקע קראַפט און טרייסט אין דער טיפער איבערצייגונג זייערער, אַז דער מקור פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, פון וועלכן זיי שעפן, איז אַן אייביקער און גרויסער, וועלכן עס איז ניט בכוח צו צעשטערן ניט די גלייכגילטיקייט פון די מאַסן, ניט די אכזריות פון די דעספּאָטישע מלכים. גאָט איז פאַר זיי געווען דער קוואַל פון סאָציאַלן אמת און יושר, דער שיצער פון די אָרעמע און שוואַכע, דער שטראָפער פון יעדער אונטערדריקער און געוואַלדטוער, און עס איז אַ באַזונדער שטאָלץ און ערע צו דערפילן זיין שליחות, ניט געקוקט אויף אַלע שטורעמס פון דעם טאָג, וועלכער איז ניט מער ווי אַ קליינער אייגנבליק אין פאַרגלייך מיט דער אייביקייט, ניט געקוקט אויף אַלע יסורים און פיין פון דעם שליחות, וועמען עס איז כדאי מקריב צו זיין זיין לעבן און גליק פאַרן נצחון פון גערעכטיקייט און אמת.

---

זאָל זיך קאָנען באַזעצן דער נייער צוזואַקס, האָט די דאָרפישע געמיינדע געהאַט נאָר צוויי מעגלעכקייטן ווי צו באַפרידיקן אירע באַדערפענישן אין ערד: אָדער צו פירן מלחמה מיט דער שכנותדיקער עלטערער כנענישער באַפעלקערונג, אָדער אָפּצוקעמפן ביי דעם ים און מדבר אָדער ביי די שפּועים פון די בערג נייע שטחים ערד, פאַרבעסערן די מיטלען פון ערד-אַרבעט און אויף אַזאַ אופן פאַרמערן די צאָל פון תבואה און פרות. דאָס האָט געבראַכט דער-צו, אַז די באַפעלקערונג, וואָס פלעגט זיך פריער אין דער וואַנדער-צייט לעבן אָפּגעזונדערט מיט איר פי, זאָל זיך איצט אָרגאַניזירן און פאַראייניקן אויף אַ מיליטערישן אופן אונטער דער אָנפירונג פון די דאָרפס-עלטסטע אָדער פון די קצינים, כדי אַרויסצושטויסן פון דער געגנט די כנענישע שבטים אָדער זיך אָנשליסן אין אַן אינטענסיווער אַרבעטס-געמיינדע, כדי דורך מי און פראַצע גובר צו זיין די שטערונגען פון דער נאַטור. אויף אַזאַ אופן האָבן די פּאָליטישע לאַגע פון לאַנד און די עקאָנאָמישע באַדערפענישן פונם ישוב מיטגעהאָלפן, עס זאָל אויסוואַקסן אַן אָרגאַניזירטע געזעל-שאַפט מיט אַ באַשטימטער פירונג און מיט אַ קלאָרן באַוואוסטזיין פון אירע שותפישע אינטערעסן. און וואָס אָפטער און גענטער די באַפעלקערונג פלעגט זיך צוזאַמענקומען, אַלץ מער האָבן זיך אויס-געאַרבעט ביי איר פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע מנהגים אין אַלע ענינים צווישן שכנים, צווישן פעלד און וויינגאָרטן, עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן באַשטימטע באַציאונגען צווישן די פאַמיליעס, צווישן איין הויף און צווייטן, עס זיינען באַשטימט געוואָרן די פריווילעגיעס און חובות פון יעדער פויער-הויז.

באַזונדער זיינען אין יענער צייט אויסגעוואַקסן גרויסע ישובים אין די פרוכטבאַרע טאָלן, וועלכע זיינען געווען ממוגל צו דער זריעה פון תבואות, אין ירדן-טאָל, אין יזרעאל-טאָל און אין דער שפלה. אין דעם טבע פון דער וויינגערטנערייי און פון דער גערט-

די געזינד איז געווען די איינציקע פֿאָרם פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און איז געבויט געווען אויף די יסודות פֿון פֿאַרצייטיקן נאַטור-קאָמוניזם. זי איז געווען זייער פּשוט געבויט, איר גאַנצע האָב און גוטס איז געווען פֿאַמיליען-אייגנטום, געהערט אַלעמען גלייך, אַלע האָבן גלייך געאַרבעט און גלייך גענאָסן פֿון די פּראָדוקטן פֿון דער אַרבעט. אַפֿילו די קנעכט און פֿרעמדע, וואָס פֿלעגן צושטיין צו דער וואַנדערנדיקער געזינד, פֿלעגן זיך זייער ווייניק אונטערשיידן פֿון אַנדערע. אַדאַנק דעם, וואָס די הצטרכות פֿון יעדער געזינד איז געווען נאָך אַ קליינע און פֿלעגט באַפֿרידיקט ווערן דאָס רובֿ דורך די פּראָדוקטן פֿון דער מילך-ווירטשאַפֿט און פֿון דער אַרומיקער מדבר-נאַטור, זיינען נאָך ניט אויסגעוואַקסן קיין סתירות צווישן די איינצלנע מיטגלידער.

ערשט ווען די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פֿון די שבֿטים און די פֿאַרמערונג פֿון דער צאָל נפֿשות האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלן זיי ענג ווערן די גרענעצן פֿון די מדבר-אָאַזיסן און זיי זאָלן דאַרפֿן אָקופּירן דאָס קולטור-לאַנד אין צפֿון און מערבֿ פֿון מדבר און איבערגיין פֿון פֿי-צוכט צו ערד-אַרבעט, איז אויפֿגעקומען די דאָרפֿישע געמיינדע, אַלס דער פֿונדאַמענט פֿון אַ נייער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. אָנשטאָט די קליינע גרופּעס פּאַסטוכער, וואָס וויינען אין זייערע געצעלטן אָדער ביידלעך (סוכּות) און זיינען געצוואונגען אָפֿט פֿונאַנדערצוגיין זיך אין די פֿאַרשיידענע זייטן פֿון מדבר, כּדי צו געפֿינען שפּייז פֿאַר זייער פֿי, זיינען איצט אויסגעוואַקסן גאַנצע ישובֿים פֿון ערד-אַרבעטער, צוגעבונדן צו זייער ערד. די ישובֿים זיינען געוואַקסן מיט יעדן טאָג אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן. אָבער איצט האָבן די נייע תּנאָים פֿון עקאָנאָמישן לעבן געפֿאָדערט אַ מער אינטענסיווע און אָרגאַניזירטע פֿיזישע אַרבעט. אַזוי ווי דאָס לאַנד איז ניט געווען איבעריק גרויס און האָט ניט געהאַט גענוג פֿרייע ערד, אויף וועלכער עס

זיין יוגנט געווען אַ פּאַסטוך אין אַראַבּישן מדבר. די געזעלשאַפט־לעכע פאָרם, וועלכע איז געווען אים באַקאַנט, איז געווען די וואַנדערנדיקע ישראלשע געזינד, וואָס האָט געוואוינט אין אירע געצעלטן, — אַזעלכע וואַנדערנדיקע געזינדן האָט ער געזען פיל אין מדבר, וואָס ביי די גרענעצן פון מצרים. אַזאַ געזינד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אויך די מדינישע פאַמיליע פון זיין שווער יתרו. אָבער עס איז, פון צווייטן זייט, קיין ספק ניט, אַז משה איז געווען איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון ישראלס שטאַם, וועלכער האָט זיך דערהויבן פערזענלעך איבער די פרימיטיווע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון זיינע ברידער און האָט זיך נאָענט באַקאַנט מיט דער מצרישער קולטור און מיט דער אָרגאַנירטער מצרישער געזעלשאַפט. דאָרטן האָט ער געקאָנט זיך פּראַקטיש צוזען, ווי גרויס עס איז די קראַפט פון אַן אָרגאַנירטן מענטשלעכן קאָלעקטיוו, ווי ניט אין ערך גרינגער איז אים מיט פאַראייניקטע כוחות צו פאַרגרעסערן זיין וואוילשטאַנד און צו באַזייטיקן די שטערונגען, וועלכע עס שטעלט אים די נאַטור, דאָרטן האָט ער געזען, ווי די ערד־אַרבעט, אַפילו (און אפשר דווקא) ביי אַזעלכע שווערע און אומגעווינלעכע באַדינגונגען, ווי אין מצרים, איז בכוח צו באַרייכערן די געזעלשאַפט, צו דערהויבן זי פון איר שפּלן צושטאַנד. ער האָט געזען אויף די ברעגן פון נילוס פראַכטיקע געביידעס, פּאַלאַצן און טעמפּלען, וועלכע קוקן אַרויס פון צווישן די פעטע פעלדער און גערטנער; און ווען ער האָט דאָס אַלץ פאַרגליכן מיט דעם לעבן פון זיינע פּאַסטוכער־ברידער, וואָס לעבן אין זייערע געצעלטן אויף די גרענעצן פון מדבר אָדער וואָס אַרבעטן אַלס טאָג־אַרבעטער אויף די מויערן פון פיתום און רעמסס, וואָס האָבן ניט מער ווי אַלײגענעם העמה אויף זייער לייב און הונגערן אָפט נאָך ברויט, און וואָס וואַנדערן פון אָרט צו אָרט קליינע משפּחותווייז, — איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער מקור פון

צעריי בכלל ליגט צו אינדיווידואליזירן די ווירטשאַפט און צו צווינ-
גען יעדן יחיד צו פּאַרטיפּן זיך אין די אינטערעסן פון זיין
אייגענער נחלה. יעדער ווייגאַרטן איז אַרומגעצוימט, איזאָלירט;
דער געדיכטער נעץ פון ביימער, צווישן וועלכע עס איז פאַרשטעקט
דער גערטנער, שיידט אים אויס אינגאַנצן פון דער אַרומיקער וועלט.
אַנדערש איז ביי פעלד-אַרבעט. אויפן ברייטן, אָפענעם שטח דער-
גענטערן זיך די פויערים איינער צום צווייטן. ביים זייען, ביים
אַקערן און ביים שניידן באַגעגענען זיי זיך איינע מיט די אַנדערע.
אויפן וועג צום שייער און מיל שמועסן זיי אַרום זייערע אַלגע-
מיינע אינטערעסן, דאָרטן שמידט זיך אויס זייער געזעלשאַפטלע-
כער באַוואוסטזיין. יעדער נאַטור-אומגליק טרעפט זיי אַלעמען גלייך.
אונטערן פרייען הימל, אין שויס פון דער נאַטור אַרבעטן זיך ביי
די אויס באַשטימטע רעליגיעזע אָנשויאונגען, און זייער אמונה טראָגט
אייך אַ סאָציאַלן כאַראַקטער, זי בויט זיך ניט אויף די באַציאונגען
פונם יחיד צו זיין פערזענלעכן גאָט, נאָר פון דעם כלל צו זיין
אַלגעמיינעם גאָט.

פון דעם אַלעמען ווערט אונז קלאָר, קודם-כל, אַז די נבואה
האָט ניט געקאָנט אויפקומען פאַר דער אַזוי גערופענער שופטים-
צייט און אַז משה, ווי עס שילדערט אים די מסורה, האָט נאָך
ניט געקאָנט געהערן צו די נביאים און אַז פיל שטריכן פון זיין
צייטיקן פרצוף האָט אים צוגעגעבן ערשט די שפּעטערדיקע נביאישע
לעגענדע, וועלכע האָט אים געמאָלט לויט איר אייגענער געשטאַלט
און פאַנטאַזיע.

די גרויסע לעגענדן-רייכע פערזענלעכקייט פון משה שטייט
אויפן גרענעץ צווישן וואַנדער-לעבן און ערד-אַרבעט. ער אַליין
האָט נאָך ניט געפירט מיט זיין האַנט קיין אַקער, האָט ניט
געלעבט אין דער סביבה פון פעלדער און ווייגערטנער; ער האָט
זיין גאַנצן לעבן פאַרבראַכט אין דער וואַנדערשאַפט און איז פון

מיר מיען זיך צו געפינען בײ זײ אַ באַשטימטע אָפּשאַצונג פון דער עקספּערימענטירנדיקער געזעלשאַפט, באַשטימטע ראָלע טריט צו פאַרבעסערן און רעפאָרמירן די אָרדענונג, ווערט פאַר אונז קלאָר, אַז משה דאַרף גערעכנט ווערן צווישן די אוטאָפּיסטישע מלוכה-גרינדער, אָבער ניט צו די נביאים אין דעם איבן אָנגעצייכנטן זין. ריכטיקער איז דעריבער יענער אָרט, וואו ער ווערט אָנגערופן ניט „נביא", נאָר „אדון הנביאים". ער איז דער „האר" און פאָרלויפער פון די נביאים. אין זיינע אוטאָפּיסטישע, געזעלשאַפט-לעכע אידעען, דורך וועלכע ער האָט זיך אויפגעהויבן ביז צו די הייכענישן פון מענטשלעכן גייסט, האָבן זיי דערנאָך געפונען יענעם לעבעדיקן קוואַל, פון וועלכן זיי האָבן געשעפט און געשפּייזט די לעבעדיקע געזעלשאַפט פון זייער צייט 1). ווי אַמאָל, אין מדבר, האָט משה, לויט דער לעגענדע, אַרויסגעשלאָגן פון פעלז וואַסער פאַרן דאָרשטיקן פאָלק, אַזוי זיינען זיינע אידעען שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יענעם פעלז, פון וועלכן די נביאים האָבן אויפגעעפנט קוואַלן פאַר זייער תקופה.

---

אין יענער צייט, וועגן וועלכער מיר ריידן, אין דער אַזוי גערופענער שופטים-צייט, האָט אין דאָרף נאָך געהערשט די סאָ-ציאַלע גלייכקייט. די ערד, וואָס איז איינגענומען געוואָרן דורך די אָנגעקומענע שבטים הן דורכן שווערד, הן אויפן וועג פון לאַנגזאַמער קאָלאָניזאַציע, איז איינגעטיילט געוואָרן צווישן די מנצחים, ווי שפּעטער בשעתן גרינדן פון דער שטאָט רוים, אַזוי אַז די ערד איז געבליבן אין די הענט פון די ערשטע אָקופּירנדיקע פאַמיליעס

---

1) די געשטאַלט פון משה אַלס אוטאָפּיסטישן מלוכה-גרינדער איז צום גרעסטן טייל אויסגעאַרבעט געוואָרן בכלל שפּעטער און איז, ווי מיר מיינען, אַ לבוש פאַר די פּאָליטישע אידעען פון די שפּעטערדיקע נביאים, זע אונטן זייט 129—133.

וואוילשטאַנד ליגט אין דער ערד־אַרבעט און אַז אין מצרים, אַלס אַן אַלטן קולטור־לאַנד, איז ניטאָ קיין אָרט פאַר נייע קאָלאָניסטן.

ער האָט אָבער געקאָנט שוין צוזען דאַן אויך די שאָטן־זייטן פון דער מצרישער קולטור־וועלט. ער האָט געזען, אַז די ערד געהערט ניט מער צו פרייע פויערים, וועלכע אַרבעטן יעדערער אויף זיין נחלה, נאָר צום גרעסטן טייל איז די פרוכטבאַרע ערד קאָנצענטרירט אין די הענט פון קיניג, זיינע דינער און כהנים און אַז דאָס פאָלק אַליין אַרבעט פאַר אַנדערע, אויסדערוויילטע. ער האָט אין מצרים שוין געזען אַ געזעלשאַפט, וואָס ביי דער גאַנצער הויכער מאָס פון איר ציווילוזאַציע, איז זי געווען געבויט אויף די יסודות פון סאָציאַלער אומגלייכקייט און אומגערעכטיקייט אין זיין געזונטער יושר־געפיל, ווי ער קומט פאַר ביי אַ זון פון אַ פרימי־טיווער מדבר־קולטור, האָט אין אים דערוועקט דער געדאַנק צו בויען אַ ישראלשע געזעלשאַפט אויף יסודות פון סאָציאַלער גע־רעכטיקייט.

דער גרעסטער טייל פון יענע געזעלשאַפטלעכע אידעען, וועל־כע אַפילו די קריטישע שול פאַרבינדט מיט משה'ס נאָמען, האָבן אָבער געמוזט בלייבן נאָר אידעען. דער יסוד פאַר אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס קאָנען בכלל געפריידיקט ווערן וועלכע ניט איז אידעען, איז געלייגט געוואָרן ערשט שפעטער.

משה געהערט דעריבער נאָך צו דעם כלל פון די געזעלשאַפט־לעכע אוטאָפיסטן, וואָס גיבן זיך ניט אָפ קיין דין־וחשבון, אויף וועלכן וועג עס וועלן זיך פאַרווירקלעכן זיינע אידעען, וואָס נעמט זיך צו הילף גאָט, בשעת ער געפינט ניט קיין הילף ביי מענטשן און וועלכער מוז אָבער גאַנץ גיך זיך אַרומזען, אַז דאָס פאָלק איז אַזוי ווייניק דערוואַקסן נאָך צו זיין גאָט, ווי צו זיינע אידעען.

בשעת מיר באַטראַכטן דעריבער די נביאים אין זייער רעאַלער געזעלשאַפטלעכער קריטיק און זייער געזעלשאַפטלעכן קאַמף, בשעת

ליקע שטעט מיט טעמפּלען, וואָס זײַנען געווידמעט געווען די פֿאַר-
שײדענע נאַטור-געטער פֿון לאַנד. די דאָזיקע שטעט זײַנען שוין,
באַנטיק, געווען עקאָנאָמישע צענטרען אײדער זײ זײַנען געוואָרן
רעליגיעזע צענטרען. זײ זײַנען געלעגן דאָס רוב ניט ווײט פֿון
די גרויסע קאַראַוואַנען-וועגן, וועלכע האָבן פֿון די עלטסטע צײטן
פֿאַראײניקט פֿיניקיע (דאָס אײגנטלעכע כנען) מיט אשור, בבל און
מצרים. די דאָזיקע שטעט זײַנען געווען פֿון אַלטע צײטן סחורה-לאַגערס
און סטאַנציעס פֿאַר די קאַראַוואַנען און מיט דער צײט זײַנען זײ
אויסגעוואַקסן אין מאַרק-פּלעצער, וואוהין עס פֿלעגן זיך אין באַשטימטע
צײטן אויפֿקלײַבן די פּויערים פֿון די דערפֿער, וואָס אין דער
גאַנצער אומגעגנט. פֿון אַלטע צײטן אָן זײַנען דעריבער צו די-
דאָזיקע שטעט געווען דורכגעלײגט וועגן פֿון די דערפֿער, און
צונויפֿגעקומען זיך אַהערצו איז די דאָרפֿס-לײט געווען באַקוועמער
ווידער אַנדערש וואוהין 1). דאָ זײַנען צוערשט אויפֿגעבויט געוואָרן
מויערן מיט אײַזערנע טויערן, כּדי צו פֿאַרהיטן די סחורות, וואָס
פֿלעגן ווערן אַרײַנגעפֿירט דורך די פֿאַרבײַגײענדיקע קאַראַוואַנען;
אין די דאָזיקע מויערן האָט די אמונה פֿון לאַנד שפּעטער פֿאַרהײ-
ליקט און פֿאַרוואַנדלט די עקאָנאָמישע צענטרען אין רעליגיעזע.

די דאָזיקע הײליקע שטעט זײַנען נאָך דער ישׂראלשער אָקופּאַציע
געוויס געקומען אויף אַ צײַט צו אַן עקאָנאָמישער ירידה, אָבער
זײערע טעמפּלען זײַנען איצט אַריבער אין רשות פֿון ישׂראלס אמונה.

---

1) דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס אַ גרויסער טײל פֿון די דאָזי-
קע אַלטע הײליקע שטעט איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן אַלס ערי מקלט
פֿאַר אומשולדיקע פֿאַרברעכער, ווײל איבער די באַקוועמע וועגן איז זײ געווען
גרינגער צו ראַטעווען זיך אַהער פֿון דעם „גואל-הדם“ (נקמה-נעמער), וואָס
האָט זײ באַגעיאָגט, און מער ווי מיט אַ האַלבן יאָר-טויזנט שפּעטער זען מיר
נאָך, ווי דער סנהדרין זאָרגט, אַז די דאָזיקע וועגן זאָלן אויפֿגעהאַלטן ווערן אין
דער בעסטער אָרדענונג.

און האָט, נאָך דעם אַלטן מנהג, ניט געקאָנט איבערגיין פון איין פאַמיליע צו אַן אַנדערער. „די גרעסערע פאַמיליע האָט באַקומען אַ גרעסערע נחלה, די קלענערע — אַ קלענערע", אָבער ווי ביי יעדן פאָלק, וואָס איז ניט לאַנג אַריבער פון אַ וואַנדער־לעבן צו ערד־אַרבעט, האָבן די מיטלען צו באַאַרבעטן די ערד געמוזט נאָך זיין פרימיטיווע; דערצו האָבן די דאָרפס־לייט נאָך ניט געוואוסט גוט די תנאים פון לאַנד, זיינען ניט געווען באַקאַנט מיט זיין קלימאַט. אויך די ערד, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט, איז ניט שטענדיק געווען פון די בעסטע, ווייל אין די פרוכטבאַרע ערטער איז אין משך פון די פריערדיקע דורות אויסגעוואַקסן און האָט זיך פאַרפעסטיקט דער כנעני׳שער ישוב. דערצו פלעגט אין יענער צייט, ווען די שבטים האָבן געלעבט אָפגעזונדערט איינער פון צווייטן, אויסקומען צו יעדער מלחמה אָפרייסן די קריגספעאיקע באַפעלקערונג פון די פעלדער, אַפילו אין מיטן פון זייען און שניידן, און אָפט פלעגט געשען, אַז וואַנדער־שבטים, וואָס אויף די גרענעצן פון מדבר, פלעגן זיך באַנוצן מיט אַזעלכע קריטישע מאָמענטן, בשעת אין דאָרף בלייבן נאָר פרויען און קינדער, כדי צו צעראַבירן די פעלדער און אַוועקצוטראָגן מיט זיך אַלץ וואָס נאָר מעגלעך. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געמוזט ברענגען דערצו, אַז דעם ישראלישן ערד־אַרבעטער זאָל פון צייט צו צייט אויסקומען צו ליידן הונגער, ניט געקוקט אויף זיין אַרבעט און אַז יעדנפאַלס זאָלן זעלטן־ווען ביי אים בלייבן מותרות, וועלכע ער זאָל קאָנען אויסבייטן אויף אַנדערע נייטיקע פראָדוקטן און חפצים.

דאָך זיינען שוין אין יענער צייט געווען ביים ישראלישן ערד־אַרבעטער געזעלשאַפטלעכע חובות, פון וועלכע ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפזאָגן; דאָס איז געווען קודם־כל זיין חוב צו די הייליקע שטעט, צו געבן און צו זיינע כהנים. נאָך פאַר דער ישראלישער אָקופּאַציע פונם לאַנד האָבן דאָרטן פון פאַרצייטן עקסיסטירט היי־

דורך דעם הייליקן אָראַקל, דעם אורים ותומים, וואָס בײַם כהן, צי וועט זיי גאָט שיקן אַ נצחון.

אַז צו גאָט קאָן מען אָבער ניט קומען מיט ליידיקע הענט איז געווען אַן אַלטער כלל. וועט דען ווער עס איז זיך דערלויבן צו קומען צו אַ קיניג אָן אַ פּאַסנדיקער מתנה? וועט דען גאָט מוחל זיין דעם, וואָס וועט ניט ברענגען אין זיין טעמפּל פֿון די פֿרוכט פֿון זיין פֿעלד און ווייַנגאָרטן, פֿון זיינע בעסטע שאָף, מיט וועלכע גאָט האָט אים געבענטשט? און דער ערד-אַרבעטער פֿלעגט זיין בעסטן האָב און גוטס, אָפֿט אפֿשר פֿון זיינע לעצטע אָפּשפּאָרן, ברענגען פֿאַר גאָט אַ מעסטל מעל, אַ געשטאָפּטן קאַלב אָדער אַ לאָגל וויין און בוימל. דיזאָזיקע האָב איז געווען גאָר צום האַרצן די כהנים פֿון די הייליקע שטעט, וועלכע האָבן פֿרי זיך אָפּגעוויינט פֿון יעדער פּראָדוקטיווער אַרבעט און, וויסנדיק ווי ווייט דאָס פֿאָלק מוז צו זיי אָנקומען, זיך אויסגעלערנט צו לעבן אויפֿן חשבון פֿון פֿאָלק און אַרויסציִען ביי אים וואָס מער פֿון די פֿרוכט פֿון זיין אַרבעט.

*דיזאָזיקע סתירה צווישן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פֿון די עקספּלואַטירטע פֿאָלקס-מאַסן און די עקספּלואַטירנדיקע כהנים האָט געדינט פֿאַר אַ יסוד דעם ערשטן אויפֿקומען פֿון דער נבֿואה.* עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס דיזאָזיקע סתירה האָט זיך פֿריער פֿון אַלץ אַרויסגעוויזן אין די אפֿרים-בערג, וואָס זיינען אָרימער אין פֿי און ברויט, ווידער דאָס טאָל-לאַנד און וואו די מאַטעריעלע עקספּלואַטאַציע פֿון פֿאָלק מצד די כהנים האָט זיך געמוזט דעריבער לאָזן פֿילן שטאַרקער ווי אַנדערשוואו. קיין שילה, — דער הייליקער שטאָט פֿון דערדאָזיקער געגנט, פֿלעגן די ערד-אַרבעטער קומען אין די גרויסע יאָריקע יום-טובים, „כדי צו בוקן זיך און צו שעכטן פֿאַר יהוה, דעם גאָט פֿון די הימל-היילות“, צו עסן פֿלייש און צו פֿרייען זיך אין דעם הייליקן אָרט. פֿון דיזאָזיקע יום-טובים

זיין גאָט האָט אין זיי איצט פאַרנומען דעם אָרט פון די באַזיגטע כנענישע געטער. עס האָבן זיך געביטן אפשר די געטער־נעמען, אָבער אין תוך האָט זיך כמעט גאָרנישט ניט געביטן. די אַלטע מנהגים, וועלכע זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער נאַטור פון לאַנד און מיט דער אַרט באַשעפטיקונג פון דער באַפעלקערונג, זיינען געבליבן עקסיסטירן אויך ווייטער און די הייליקייט פון די שטעט האָט זיך לגמרי ניט געמינדערט. ווי דער כנענישער ערד־אַרבעטער פריער, אַזוי האָט איצט דער ישראלישער ערד־אַרבעטער געפילט זיך צוגעבונדן צו די הייליקע שטעט דורך זיינע טאָג־טעגלעכע לעבנס־באַדערפעניש. ער האָט, אמת, ניט געהאַט קיין מוהרות, וועלכע ער האָט געקאָנט פירן אין שטאָט, כדי אויסצובייטן זיי אויף די סחורות פון די בבלישע, מצרישע אָדער כנענישע כוהרים, ער האָט נאָך אין די עצם סחורות,—פערד, בשמים, פאַרביקע קליידער—זיך ניט גענייטיקט. ער האָט זיך אָבער גענייטיקט אין דער הילף פון כהן. ווען עס פלעגט אָנקומען, נאָכן הייסן זוניקן זומער, די רעגנס־צייט און אויפן ריינעם הימל פלעגט זיך אַ צייט נאָך ניט ווייזן דער מינדסטער וואָלקן, פלעגט דער דאָרפס־מאַן אומרואיק ווערן און איילן אין דער הייליקער שטאָט מיט אַ קרבן צו גאָט און מיט אַ מתנה פאַר די כהנים. ווען, פאַרקערט, עס פלעגט זיין אַ גערעטעניש אין זיין פעלד און ווייַנגאָרטן, פלעגט ער מיט פריד אָפּריכטן דעם יום־טוב פון שניט, קומען מיט זיין משפחה אין דער הייליקער שטאָט, עסן פאַר גאָט, רייכערן דעם חלב אויפן מזבח און פרייען זיך אין טעמפל. ביי יעדער פאַמיליע־פרייד אָדער צער פלעגט זיך דער ערד־אַרבעטער ווענדן צום כהן. אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט פלעגט ער צו אים קומען נאָך אַן עצה, אַרויסטרעטנדיק אויף אַ מלחמה, פלעגן די עלטסטע פון די שבטים פריער קומען אין דער הייליקער שטאָט, אָנפרעגן ביי גאָט

דאָס פֿאָלק איז אָבער ניט אין שטאַנד געווען אַרויסצוטרעטן קעגן די כּהנים. די יונגע פּויערים־מאַסע איז געווען צוגעבונדן צו די הייליקע שטעט דורך איר גאַנצן לעבנס־שטייגער און דורך אירע, — הגם פֿאַלשע פֿאַרשטאַנענע — עקאָנאָמישע אינטערעסן. אין יענער ווייטער צייט, — ווען ס'איז באַזונדער שווער תּופֿס צו זיין אין אונזער דור, מיט זיין שנעלן פּראָגרעס פֿון דער וויסנשאַפֿט און זיין ראַדיקאַלער איבערשאַצונג פֿון די רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען, — האָט די אמונה מיט איר פּרימיטיווער קראַפֿט באַהערשט אַלע גייסטער. און אַרויסצוטרעטן קעגן די כּהנים, די פֿאַרמיטלער צווישן גאָט און פֿאָלק, איז געווען גלייך ווי אַרויסצוטרעטן קעגן דער אמונה גופֿא.

עס האָט געמוזט אויפֿקומען אַ רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייט מיט אַ טיפֿן געזעלשאַפֿטלעכן באַוואוסטזיין, וואָס זאָל פֿילן די אינערווייניקסטע סתּירה, וואָס באַשטייט צווישן דער סאָציאַלער גערעכטיקייט און צווישן דער פֿאָלקס־גזלה פֿון די כּהנים, — און ניט נאָר פֿילן אַליין, נאָר זאָל זי ניט קאָנען גלייכגילטיק פֿאַרטראָגן און זאָל מיט אַ טיפֿער רעוואָלוציאָנערער קראַפֿט פֿון כאַראַקטער קאָנען אָפֿן אַרויסטרעטן מיט זיין מיינונג און נעמען אויף זיך דעם ניט גלייכן קאַמף מיט די אָנערקענטע אויטאָריטעטן.

דאָס איז געווען שמואל, — אַ מענטש פֿון דער פּויערים־מאַסע פֿון די אפֿרים־בערג. זיין פֿאָטער אלקנה איז געווען אַ פּויער פֿון דעם באַרג־דאָרף צוף, האָט געהאַט צוויי ווייבער און האָט זיך אייגנטלעך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכנט פֿון אַלע אַנדערע ישׂראלשע פּויערים פֿון זיין צייט. ווי די אַלע איז ער אויך געווען צוגעבונדן צום הייליקן שילה און פֿלעגט קומען אַהינצו יעדן יאָר, אין די גרויסע יערלעכע יום־טובֿים, צו שעכטן און צו פֿרייען זיך פֿאַר גאָט. האָט אָבער גאָט ביי אים צוגענומען די פֿרייד. אין זיין משפּחה האָט געהערשט אַן אינעווייניקסטע טראַגעדיע. זיין

האָבן די כהנים פון שילה געמאַכט זיך אַ גוטע פרנסה. זיי האָבן זיך ניט נאָר געלאָזט ברענגען פון פאָלק מתנות, נאָר זיי האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ מנהג צונעמען פאַר זיך דעם פעטסטן חלק פון די געשאָכטענע פלייש.

„אַזוי האָבן זיך — דערציילט די געשיכטע — די כהנים געפירט מיטן פאָלק. בשעת איינער שעכט אַ קרבן, קומט אָן דער כהן־יונג, ווען עס קאָכט זיך דאָס פלייש, און אַ דריישפּיציקער גאָפּל איז אין זיין האַנט; ער טוט אַ שלאָג אין דער וואַש־כלי אָדער אין קעסל, אין שיסל אָדער אין טאָפּ — אַלץ וואָס עס נעמט אָן דער גאָפּל נעמט צו דער כהן זיך. אַזוי פלעגן זיי באַגיין זיך מיט גאַנץ ישראל, וואָס קומען אַהינצו קיין שילה. און דאָסגלייכן, איידער מען פלעגט רייכערן דעם חלב פלעגט קומען דער כהן־יונג און פלעגט זאָגן צו דעם וואָס שעכט: גיב דעם כהן פלייש צום בראָטן, ער וועט ביי דיר ניט נעמען קיין געקאָכטע פלייש, נאָר רויע, און ווען יענער זאָל זאָגן צו אים: „איצט רייכערט מען דעם חלב, נעם וויפל דיין האַרץ געלוסט", פלעגט יענער ענטפערן: „דווקא איצט זאָלסטו מיר געבן, ווען ניט נעם איך מיט געוואַלד".—

דער דאָרפס־מאַן האָט אין יענער צייט בדרך־כלל קיין סך פּי ניט פאַרמאָגט, ווי אַמאָל אין דער וואַנדער־צייט. ער האָט זיך פאַרנומען מיט פעלד־אַרבעט, און מיט די בהמות און אָקסן האָט ער זיך באַנוצט דאָס רוב נאָר צום אַקערן און צום דרעשן, צו פירן די תבואה פון שייער קיין מיל, די וויינטרויבן און איילבערטן פון גאָרטן צום קעלטער. זעלטן ווען ער פלעגט שעכטן פון זיין פּי צום עסן און פלעגט ערלויבן זיך דאָס רוב אַזאַ פאַרגעניגן נאָר אין די גרויסע יום־טובים, בשעת ער פלעגט גיין אין דער הייליקער שטאָט „צו בוקן זיך און צו שעכטן". דעמדאָזיקן זעלטענעם פאַרגעניגן האָבן אויך ביי אים געוואָלט אָפּרויבן די כהנים.

שמואל איז אָבער געווען באַשאַפֿן צו עפּעס גרעסערס, ווי צו דער שוואַרצער, מעכאַנישער אַרבעט אין טעמפּל. זיין מוטער האָט אים איבערגעגעבן איר ריינע און האַרציקע נאַטור. פֿון די היימישע פֿעלזן און הויכע שטאָלצע בערג האָט ער איבערגענומען די פֿעסטקייט און קראַפֿט פֿון כאַראַקטער. ער איז געקומען קיין שילה פֿון זיין היימישן דאָרף, אַריינער און שטאַרקער. ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן קיין אומרעכט און איז ניט געווען געבאָרן צו דינען גאָט אַלס אַ קנעכט פֿון עלי. ער האָט מיט גאָט געהאַט אַ מער אינטימע און נאָענטע פֿאַרבינדונג, וועלכע האָט זיך ניט געקאָנט באַגרענעצן מיט דער ענגער מחיצה פֿון שילה און פֿון איר טעמפּל. ער איז געווען געבענטשט מיט אַן אָפֿענער און דרייסטער נאַטור, פֿאַר וועלכער דער אמת און גערעכטיקייט איז די איינציקע פֿאָן אין שווערן קאַמף.

דער קאַמף פֿאַרן אמת, פֿאַר די אינטערעסן פֿון באַרויבטן פֿאָלק, קעגן דער משפּחה פֿון עלי — דאָס איז געווען דער אינהאַלט פֿון דער ערשטער נביאישער אַרויסטרעטונג ביי שמואלן. טאָג-איין טאָג-אויס רעדפֿילט ער די אַרבעט אין טעמפּל, אָבער אין די שלאָפֿלאָזע נעכט צערייסט זיין האַרץ אַלץ שטאַרקער די שרעקלעכע בחירה; דער שקר פֿון די כהנים, וואָס רויבן דאָס פֿאָלק מיט אַ פֿרומען פּנים, לאָזט אים זיך ניט באַרויקן. ער פֿילט, אַז די הייליקייט פֿון דער פֿאָלקס-אמונה איז פֿאַרשוועכט דורך דער גזלה פֿון די כהנים, דורך זייער זנות און אויסגעלאַסענע אָרגיען, וואָס זיי פֿירן אויפֿן כנענישן שטייגער. — און אין איינער פֿון אַזעלכע נעכט ווערט אין אים צייטיק דער געפֿיל פֿון געטלעכער גערעכטיקייט און געטלעכער שטראָף. עס פֿאַלט אַראָפּ דער שטעמפּל פֿון שווייגן פֿון דייגע יונגע, נאָך קינדישע ליפּן. ער פֿלאַטערט-אויף אויף גייכטיקע פֿליגלען. עפּעס רופֿט אים און ציט, עפּעס האָט ווער ווערטער, ווי גליענדיקע פֿלאַמען און שטעכעדיקע עקדעשן

זייב פנינה איז געווען געבענטשט פון גאָט מיט פיל קינדער, זיי האָבן געאַקערט, געזייט און געשניטן אין פעלד פון אלקנה און האָבן געדאַרפט זיין דערנאָך די יורשים פון אלקנהס נחלה. און די איידעלע, געליבטע חנה איז געווען אַן עקרה. אלקנה ווייזט צו איר, אמת, אַרויס דערפאַר נאָך מער ליבשאַפט. ער וויל שטילן איר צער און איפּווייזן איר, אַז זי איז אים „ליבער פון צען קינדער". אָבער די פילט, אַז זי איז אַ פּרוכטלאָזער בוים, אַז די אמתע אלקנהס יורשים וועלן זיין פנינהס קינדער און אַז זי וועט נאָך זיך קיין זכר ניט איבערלאָזן. און בשעת איר בענקען אין גאַרן נאָך אַ קינד, בשעת זי צעגיסט זיך אין אַ ביטערן געוויין און תפילה פאַר גאָט און שילה, ווערט ביי איר צייטיק אַ געדאַנק, וועלכער גיסט זיך אויס אין דער געשטאַלט פון אַ נדר: זאָל איר גאָט נאָר בענטשן מיט אַ זון, וועט זי אים אויף זיין גאַנצן לעבן אַוועקשענקען גאָט, ער זאָל דינען אין הייליקן שילה און „גאָט זאָל זיין זיין נחלה".

ווי פאַר אַ פרומער יידישער מוטער אין אונזער דור איז אַן אידעאַל, אַז איר זון זאָל זיין אַ רב, איז פאַר דער פרומער חנה געווען אַן אידעאַל, אַז איר זון זאָל זיין אַ כהן פאַר גאָט. דאָס איז נאָך געווען יענע צייט, ווען די כהונה איז נאָך ניט געווען נאָר אַ פּריווילעגיע פון איין-איינציקער פאַמיליע אין שבט לוי, ווען יעדערער, וועלכער האָט מקדיש געווען זיין לעבן דעם גאָטעס-דינסט, האָט זיך געקאָנט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ כהן.

שמואל האָט געזאָלט זיין אַ כהן אין שילה, איינער צווישן יענע פילע יונגע לייט, וואָס דערפילן טאָג-טעגלעך די אַרבעט אין געטלעכן הויז אונטער דער השגחה פון אַלטן עלי, וואָס צינדן אָן און פאַרלעשן די הייליקע לייכטער, עפענען און שליסן די טויערן פון טעמפל. אַזוי האָט געטראַכט זיין מוטער, באַגלייטנדיק אים מיט פרומע ברכות און מיט מתנות פאַר די כהנים.

## 3. די נביאים און דער אָנהייב פון פאָלקס־קיניגטום.

אין שמואלס צייט זיינען שוין די שבטים כמעט ווי צייטיק געוואָרן צו אַ נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער פאַראייניקונג. בשעת זייערע מלחמות מיט די שכנים זיינען זיי ניט איינמאָל אַרויסגעטראָטן מיט פאַראייניקטע כוחות אַנטקעגן זייערע שותּפישע שונאים, האָבן צוזאַמען פאַרגאָסן זייער בלוט אויפן שלאַכט־פעלד און האָבן אָפט, ווי אַ שטייגער ביי דער גרויסער שלאַכט ביים קישון־טייך, זיך געקאָנט איבערצייגן, אַז נאָר אַדאַנק זייער פאַראייניקונג זיינען זיי אין שטאַנד אָפּצוהאַלטן אַ נצחון איבער דעם שטאַרקן שונא.

אָבער די מלחמות פון די פאַראייניקטע שבטים האָבן גע־פירט אויך דערצו, אַז די איינצלנע באַטייליקטע שבטים, — וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט זיינע באַזונדערע מלחמה־אָנפירער, די קצינים, — האָבן זיך אויסקלייבן איין אַלגעמיינעם קצין, אָדער פאַר־טרויען זיך איין איינציקן פאָלקס־העלד (שופט), וועלכער פלעגט אין אַ קריטישן מאָמענט צונויפקלייבן די פויערים־מאַסן פון אַ גאַנ־צער געגנט און אַרויסטרעטן מיט זיי צו באַשיצן די פעלדער און גערטנער, האָט אָקופּירטע לאַנד, און פלעגט אויך דערנאָך, אין דער צייט פון שלום, ניט פאַרלירן זיין השפּעה אויף די פאַר־אייניקטע שבטים.

אין דעם פּרט האָבן ווידער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די הייליקע שטעט; אין זיי פלעגן זיך צונויפגיין, דערהויפּט יום־טובים־צייט, איינוואוינער פון פאַרשיידענע דערפער און פאַרשטייער פון פאַרשיידענע שבטים און דערנעענטערן זיך אויף אַזאַ אופן

אַריינגעלייגט אין זיין מויל; גאָט אַלס אידעאַל פֿון גערעכטיקייט, דערהויבט זיך אין זיין געדאַנק איבערן טעמפּל פֿון שילה, ער עמאַנסיפּירט זיך פֿון דער אַפּאָטרופּסות פֿון די כּהנים, ער רייסט איבער זיין איפֿכונה מיט דער עבֿודה, וועלכע ווערט געטאָן מיט אומריינע הענט: גאָט אַליין וועט צעשטערן שילה, וועט באַזייטיקן און אומברענגען די זינדיקע כּהנים; אויפֿן שלאַכט-פֿעלד וועלן זיי פֿאַלן און דער ארון, הינטער וועלכן זיי באַהאַלטן זיך, וועט זיך אַרויסגליטשן פֿון זייערע אומריינע הענט...

הידאָזיקע נבֿיאישע אַנטפּלעקונגען באַהאַלט ניט שמואל פֿון עלין. אָפֿן און ניט צווייטייטיק טרעט אַרויס דער ערשטער נבֿיא מיט זיין באַשולדיקונגס-אַקט, און ביזן לעצטן לעבנס-טאָג האָט דער זקן עלי געפֿילט דעם שווערד פֿון שטראָף, וועלכן דאָס נבֿיאישע וואָרט האָט אַרויפֿגעהאַנגען איבער זיין משפּחה.

פֿון דאַן אָן זעען מיר מער ניט שמואלן, צינדנדיק די לייכטער און שליסנדיק די טירן אין שילה-טעמפּל, זיין שטורמישע אַנטפּלעקונג האָט אים אַרויסגעטראָגן אויף אַ ברייטערער אַרענע; זיין מוטער האָט אים געוואָלט שענקען דעם טעמפּל פֿון שילה, פֿון איצט אָן האָט ער שוין געהערט זיין פֿאָלק. ער האָט געוויס זיך ניט באַנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט אַריינגערימט זיין סוד עלין, ווי עס ווילן אונדז באַרואיקן די רעליגיעזע געשיכטע-שרייבער. ער איז געוויס אַרויסגעטראָטן אָפֿן און אויסגעדריקט זיין אויפֿגעבראַכטקייט פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, וואָס קומט קיין שילה און איז מיט צער און פֿאַראַכטונג אַהיים פֿון האָרטן נאָך איידער די פּלשתּים האָבן אים פֿונאַנדערגעטראָגן אויף איינציקע שטיינער.

נאָך די צייט פֿאַר אַ פֿאָלקס-באַוועגונג איז נאָך דאַמאָלסט ניט געווען אָנגעקומען, און בפֿרט פֿאַר אַ באַוועגונג קעגן דער אָפֿיציעלער אמונה, וועלכע האָט געהאַט אירע טיפֿע וואָרצלען אין לעבנס-שטייגער פֿון יעדן פּויער אין ישׂראל און פֿון יעדער מוטער, וואָס בײַם שפּינדל.

די כהנים, די מסדרים פון דער תורה, וועלכע האָבן געשטרעבט צו בויען אויף די רואינעס פון וועלטלעכן קיניגטום אַ טעאָ־קראַטישע מלוכה מיטן כהן גדול אין דער שפּיץ. דען וואָס הייסט די פאָרמולע „גאָט איז אייער קיניג", אויב ניט — די גאַנצע מאַכט די כהנים, ווייל ווער אויסער זיי קאָן אַרויסטרעטן אַלס פאַרמיטלער פון געטלעכן ווילן. דאָס איז אָבער די גרעסטע באַ־לײדיקונג פאַרן ערשטן יידישן נביא, ווען מען זאָל אים חושד זיין אין דעם ווילן איבערצוגעבן די גאַנצע פאָליטישע פירונג אין די הענט פון די כהנים.

לויט אַ צווייטן נוסח, האָט דער הייליקער אָראַקל, דער אורים־ותומים, — וועלכער פלעגט, ווי מיר האָבן געזען, פאָראויסזאָגן דעם גורל פון יחיד און פון כלל, — אָנגעוויזן אויף שאולן, אַלס דעם קומענדיקן פאָלקס־קיניג. דאָס איז אָבער נאָר איין זייט פון דער דערשיינונג. דער ריכטיקער און טיפער היסטאָרישער קערן ליגט אָבער אין יענעם נוסח, לויט וועלכן שאול איז געווען אַ שופט, ווי אַלע אַנדערע שופטים, וואָס פאַר אים; אַז ער האָט זיך אַלס פאָלקס־העלד, מיט ענטוזיאַזם און טעמפּעראַמענט געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער מלחמה אַנטקעגן עמון און אַז זיין גלענצנ־דיקער נצחון, וועלכער האָט אָנגעפילט מיט טרייסט און שטאָלץ אַלע הערצער, האָט גורם געווען, אַז דאָס פאָלק זאָל אים אויס־קלייבן אויף דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג (אין מצפה אָדער אין גלגל) פאַר אַ קיניג און אַז דער אָראַקל זאָל באַשטעטיקן זיין אויסוואַל.

און דאָ ווערט שוין במילא אויך קלאָר די באַציאונג פון די נביאים און פון שמואלן בפרט צום פאָלקס־קיניגטום.

די שופטים זיינען געווען פרייע פאָלקס־העלדן, וועלכע האָבן פיזיש געקעמפט פאַר די אינטערעסן פון דער מאַסע אויף דעם־וועלטלעכן שטייגער, ווי די נביאים האָבן פאַר זיי געקעמפט גייסטיק. דער נביא און דער שופט האָבן דערגאַנצט איינער דעם

איינע צו די אַנדערע, צונויפֿריידן זיך וועגן זייערע אַלגעמיינע באַדערפֿעניש. לאַנגזאַם איז אויפֿגעקומען בײַ די אָרגאַניזירטע פֿויערים־געמיינדעס די באַדערפֿעניש אין אַ צענטראַלער מאַכט, אין אַ צענטראַלער פֿירונג. די איניציאַטיוו האָט געהערט דעם פֿאָלק גופֿא, וועלכער האָט אויף אַ פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג אין דער הייליקער שטאָט מצפה געפֿאָדערט זיך „אַ קיניג ווי בײַ אַלע פֿעלקער, וואָס זאָל גיין אונדז פֿאַראויס און פֿירן אונדזערע מלחמות". און עס איז קיין זאַך ניט געשטאַנען אויפֿן וועג דעם ווילן פֿון פֿאָלק, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון זיינעווירקלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן. עס איז געגרינדעט געוואָרן דאָס פֿאָלקס־קיניגטום.

בײַ שמואלס לעבן און בײַ זיין נאָענטסטער מיטווירקונג איז פֿאָרגעקומען די דאָזיקע וויכטיקע פּאָליטישע געשעעניש, מיט וועלכער עס הייבט זיך אָן די אייגנטלעכע פּאָליטישע געשיכטע פֿון ישראל. אָבער די מקורים, וועלכע דערציילן אונדז וועגן דעם נביאס באַטייליקונג אין די געשעענישן און וועלכע זיינען געשריבן אין פֿאַרשיידענע צייטן און פֿון פֿאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן, גיבן אונדז איבער אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים די באַציאונג פֿון דעם ערשטן נביא צו דעם פֿאָלקס־קיניגטום אַלס אַ פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער אַנשטאַלט.

לויט איין נוסח, איז שמואל געווען אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פֿון פֿאָלקס־קיניגטום און אָנגעוויזן דעם פֿאָלק אויף אַלע נעגאַטיווע זייטן פֿון קיניגטום, האָט ער פּראָקלאַמירט דעם פֿאָלק, אַז „זיין קיניג איז גאָט". און ערשט ווען דאָס פֿאָלק איז צו אים צוגעשטאַנען, האָט דער נביא נאָכגעגעבן און קעגן דעם אייגענעם ווילן אויסגעקליבן דעם פֿאָלק אַ קיניג.

דער דאָזיקער נוסח איז פֿאַלש. ער שטאַמט ערשט פֿון שפּעטערדיקע צייטן, ווען די שאָטן־זייטן פֿון קיניגטום האָבן זיך ווירקלעך אַרויסגעוויזן, און די מחברים פֿון דעם דאָזיקן נוסח זיינען

ים און אויסגעשטרעקט זיין האנט צו די בערג. יעדער בארג-האָרף האָט זיך דאַן פאַרוואַנדלט אין אַ נאַטירלעכער פעסטונג, אין אַ לייבן-גרוב. דרייסט און מוטיק האָבן די בערג-לייט געשלאָגן דעם שונא אין די משופּעדיקע בערג און אין די שמאָלע טאָלן, וואו ער האָט גאָרנישט ניט געקאָנט מאַכן מיט זיינע שאַרפע שפּיזן און זיינע מלחמה-רייטוועגן, וועלכע זיינען געווען אַ שרעקלעכער כלי-זיין אויפן פלאַכן לאַנד. אַזאַ לייבן-גרוב, אַזאַ העלדן-לאַגער איז געווען דער באַרג-דאָרף גבעה. און „פון אַקסל אָן העכער פאַרן גאַנצן פאָלק", איז אין אים געווען דערי ונגער שאול, דער זון פון קיש. זיין קראַפט האָט ער אָפּגעגעבן אין שלום-צייט זיין פאָטערס ערד און פי, ביז דעם אָנפאַל פון נחש, דעם קיניג פון עמון, אויף האָם גלעד-לאַנד. די שרעקלעכע באַליידיקונג, וואָס יענער האָט אָנגעטראָגן די בירגער פון גלעד, האָט אין אים אויפגעוועקט דאָס נקמה-געפיל; און ער איז פון הינטערן אַקער, פון פאַסטוכער-געצעלט אַרוים, כדי צו העלפן זיין פאָלק. ער האָט מיט התלהבות צעשניטן איינעם פון זיינע אַקער-אָקסן, האָט די שטיקער פונאַנדערגעשיקט איבערן גאַנצן לאַנד און האָט אָנגעזאָגט, אַז „ווער עס וועט ניט אַרויסגיין נאָך שאולן, וועט אַזוי געשען מיט זיינע אָקסן". און בעת דאָס פאָלק האָט זיך מיט נצחון אומגעקערט פון גלעד-לאַנד, איז שאול צוריק אַוועק אין זיין היימישן האָרף לדיטן ושטייגעה פון די פריערדיקע שופטים. אָבער דאָס פאָלק האָט אים פון הינטער די שאָף געהופן, האָט אים מיט כבוד געפירט אין דער אַלטער הייליקער שטאָט גלגל און אים אויסגעקליבן פאַר אַ פאָלקס-קיניג איבער ישראל.

דער פאָלקס-קיניג איז אַזוי אַרום געווען איינגעטלעך אַ קריגס-העלד, אַ שופט, נאָר אַ שופט פון גאַנצן פאָלק, וועמען עס וועט פאַרטרויט די פאַרטיידיקונג פון דער ערד-אַרבעטער-באַפעלקערונג. „עס זאָל זיין אַ קיניג איבער אונז — זאָגט דאָס פאָלק — און לאָמיר

צווייטן. ווי דער נביא אַזוי האָט אויך דער שופט זיך ניט איינגעשלאָסן אין די ענגע ראַמען פון זיין קליינער דאָרף-געמיינדע אָדער פון זיין שבט, ער האָט געזעהן פאַר זיך ברייטערע געזעלשאַפטלעכע האָריזאָנטן. ווי דער נביא האָט אָרגאַניזירט און פאַראייניקט גרויסע פאָלקס-מאַסן דורך זיינע געזעלשאַפטלעכע אידעען און געזעלשאַפטלעכן קאַמף, אַזוי האָט דער שופט אָרגאַניזירט און פאַראייניקט די פאָלקס-מאַסן פון די פאַרשיידענע שבטים דורך פרייהייטס-מלחמות קעגן די שותפישע שונאים. ווי דער נביא אַזוי איז אויך דער שופט פון קיינעם ניט געווען באַפולמעכטיקט און אויסגעקליבן צו זיין טעטיקייט. זיין אייגענער באַוואוסטזיין, זיין טעמפעראַמענט און טיפער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער האָבן אים געטריבן צו נעמען אין האַנט די פּיזישע כלי-זיין, ווי דעם נביא די גייסטיקע. די גרענעצן צווישן נביא און שופט פאַרלירן זיך אָפט אינגאַנצן, ווייל דער העלד, וואָס פירט דאָס פאָלק באַגייסטערט אויפן שלאַכט-פעלד, פאַרוואַנדלט זיך אָפט ניט באַמערקט אין זיין גייסטיקן פירער. אַזוי קרוינט, אַ שטייגער, די געשיכטע מיטן נאָמען נביאה דבורהן די פאָלקס-העלדין פון דער קישון-שלאַכט; און ווען דער פאָלקס-העלד שאול טרעט אַרויס, נאָך דער פאָלקס-מאָלצייט אין רמה מיט באַגייסטערטע רייד, שרייט אים דאָס פאָלק נאָך: „איז דען אויך שאול אין כלל פון די נביאים!?"

אַ שופט ווי אַלע אַנדערע איז שאול געווען פון אָנהייב. ער איז געווען אַ פּשוטער יונגער ערד-אַרבעטער אין גבעה, אין אַ באַרגדאָרף פון בנימין-לאַנד. די איינוואוינער פון די יהודה-בערג האָבן זיך פון פאַרצייטן אויסגעצייכנט מיט זייער גבורה און דרייסטקייט, (זיי זיינען געווען אויסגעצייכנטע שטיין- און פייל-וואַרפער), און בפרט אין יענער צייט, ווען פון מערב-זייט, פון ים, איז אָנגעקומען אַ נייער שונא, וועלכער האָט פאַרנומען די פרוכטבאַרע טאָלן ביים

זענע ווירטשאַפֿט. די גרינדונג פֿון פֿאָלקס־קיניגטום און פֿון אַ שטענדיקן פֿאָלקס־הייל איז דעריבער געווען באַזונדער נייטיק אין זיינע אינטערעסן, און דער נבֿיא, וועלכער האָט פֿאַרטיידיקט די אינטערעסן פֿון דערדאָזיקער דאָרפֿישער דעמאָקראַטיע, האָט ניט געקאָנט ניט באַגריסן דאָס פֿאָלקס־קיניגטום אַלס געזעלשאַפֿטלעכע ערשיינונג.

ערשט די שפּעטערדיקע מסורה האָט דעריבער אַריינגעלייגט שמואלן אין מויל יענע שאַרפֿע קריטיק פֿון קיניגטום, וואָס דריקט זיך אויס אין פֿאָלגנדיקע ווערטער:

„אַזוי וועט זיין דער מנהג פֿון קיניג, וואָס וועט געוועלטיקן איבער אייך. אייערע זין וועט ער נעמען און באַשטימען איבער זיין רייטוואָגן און פֿאַר זיינע רייטער, און זיי וועלן לויפֿן פֿאַר זיין רייטוואָגן. ער וועט זיי מאַכן פֿאַר אויפֿזעער איבער טויזנט און איבער פֿופֿציק, ביים אַקערן זיין פֿעלד און ביים שניידן זיין שניט, ביים צוגרייטן זיינע מלחמה־כּלי־זיין און זיינע רייט־מכשירים. אייערע טעכטער וועט ער מאַכן פֿאַר פּרעגלערקעס, קעכינס און בעקערינס, און אייערע בעסטע פֿעלדער און ווייַנגערטנער און איילבערט־סעדער וועט ער ביי אייך אָפּנעמען און אָפּגעבן זיינע דינער. און פֿון אייער זייאונג און פֿון אייערע וויינגערטנער וועט ער זיך נעמען מעשר און וועט אים אָפּגעבן זיינע סריסים און דינער. און אייערע קנעכט און דינסטן און אייערע בעסטע יוגנט און אייערע אייזלען וועט ער צונעמען און אָפּגעבן אויף זיין אַרבעט. פֿון אייערע שאָף וועט ער נעמען מעשר און איר וועט זיין זיינע קנעכט“.

אַלס אַזעלכע עקספּלואַטאַטאָרן און פֿאָלקס־רויבער האָבן ניט געקאָנט אויסזען ביים נבֿיא די באַשיידענע פּויערים־מלכים פֿון דער אַלטער צייט, וועלכע האָבן נאָך ניט געהאַט ניט קיין הויף, ניט קיין קנעכט, ניט קיין פּאַראַשיידנאַרטיקע באַדערפֿענישן. די דאָזיקע

זיין ווי אַלע פֿעלקער: זאָל אונז ריכטן אונזער קיניג און אַרויסגיין פֿאַר אונז פֿאָראויס און פֿירן אונזערע מלחמות".

בלייבנדיק טריי דער פֿאָלקס־טראַדיציע און דעם פּויערים־לעבן, האָט דער קיניג, ווי פֿריער די שופֿטים, געוואָלט פֿירן אַ באַשיידענעם לעבן און מיט זיין קליינעם שטענדיקן חייל פֿון אויסדערוויילטע העלדן האָט ער געדאַרפֿט שטיין אויף דער וואַך און אָפּהיטן פֿאַרטיידיקן דאָס לאַנד פֿון אַ פֿיינטלעכן אָנפֿאַל. די פּויערים־מאַסע האָט געדאַרפֿט דינען אַלס רעזערוו און נאָר בײַ דער גרעסטער געפֿאַר און ניט זיך אָפּרייסן פֿון איר פֿרידלעכער אַרבעט.

דאָס פֿאָלקס־קיניגטום מיט זיין שטענדיקער אַרמיי איז געווען באַזונדער אַ ניטיקע באַדערפֿעניש פֿאַר דעם קליינעם פּויער, וואָס פֿלעגט באַאַרבעטן די ערד אַליין מיט זיין פֿאַמיליע, אָן געדונגענע אַרבעטער. דער רייכער פּויער, וועלכער האָט געהאַט אַ שטוב מיט קנעכט, האָט געקאָנט לאָזן באַאַרבעטן זיין ערד דורך אַנדערע, פֿלעגט זיך אַליין באַוואָפֿענען אויף זיינע אייגענע מיטלען אויפֿן כנעני'שן אופֿן מיט פּאַנצער און שפּיז, פֿלעגט פֿאַרנעמען אין חייל אַ כבֿודיקן אָרט, פֿלעגט פֿאַרקלענערן זיין לעבנס־געפֿאַר און ווען די מלחמה פֿלעגט זיך ענדיקן מיט אַ נצחון, פֿלעגט ער ברענגען אַהיים אַ סך רויב און ניע קנעכט צו דער אַרבעט. אַנדערש איז דאָס געווען בײַם קליינעם פּויער. ווען ער זאָל דאַרפֿן אַוועקגיין אויף אַ מלחמה, בלייבט זיין פֿעלד דאָס רובֿ ניט באַאַרבעט, זיין דאָב און גוטס פֿאַרלאָזן; זיין האַק און גראָב־אייזן זיינען זיינע איינציקע געווער, אויפֿן מלחמה־פֿעלד פֿאַרנעמט ער דעם אָרט פֿון אַ געוויינלעכן סאָלדאַט, וועלכער איז ווייניק־וואָס געשיצט פֿון סכנה אַדאַנק זיין שלעכטער באַוואָפֿנונג. פֿאַלט ער אין שלאַכט, בלייבן זיין אַלמנה און יתומים אָרעם און עלנט, קומט ער בשלום אַהיים נאָך אַ לאַנגער מלחמה־צייט געפֿינט ער אַ צעשטערטע, פֿאַרלאָ־

געזאַלט פרעגן אַן עצה וועגן די פאַרלוירענע מויל־אייזלען. עס איז גראָד געווען אַ פאָלקס־יום־טוב אין שטאָט און אויף דער גרי־נער, בליענדיקער במה, דעם נאַטור־טעמפּל פון דער פּאַרצייטיקער פאָלקס־אמונה, האָבן זיך די בירגער געדאַרפט צונויפקומען צו עסן און צו פרייען זיך פאַר גאָט. אַהערצו איז געקומען אויך שאול צו זען דעם נביא, וועלכער האָט זיך געפונען צווישן פאָלק. דער נביא איז אַרויס צו דעם פאָלקס־העלד פון גבעה, וועמעס ליבּ איז געווען פול אין מויל פון יונג און אַלט אין די בערג און טאָלן פון לאַנד און האָט אים געזאַלבט, לויט דעם ווילן פון פאָלק, פאַר אַ קיניג, און האָט די באַשיידענע פּראָווינציעלע פאָלקס־שמחה און פאָלקס־מאָלצייט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער היסטאָ־רישער געשעעניש: דער נביא האָט צוזאַמען מיטן פאָלק געײ־יום־טובט די געבורט פון פאָלקס־קיניגטום אין ישראל.

---

קריטיק געהערט צו א פיל שפעטערדיקער צייט. מען זעט, אז דער שרייבער איז דא גוט באהאוונט מיט דעם נעגאטיוון כאראקטער פון דעם שפעטערדיקן קיניגטום. דא פילט זיך דיזעלביקע שול, דערזעלביקער שטרעבן יצו דער באגרענעצונג פון די קיניגלעכע רעכט, וועלכער האט אין די טעג פון יאשיהו (621 יאר פאר דעם קריסטלעכן צייט־חשבון) אפגעהאלטן א נצחון און זיך פאראייביקט אין דער געזעצגעבונג פון ספר דברים.

אנדערש האט זיך אין דער אמתן באציונגן שמואל צום פאלקס־קיניגטום. ער האט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו דעם פאלקס־ווילן, וועלכער פלעגט זיך אפט לאזן הערן, זינט די צייטן פון גדעון אויף די פאלקס־פארזאמלונגען אין גלגל און אין מצפה און אין אנדערע הייליקע ערטער. ער איז גיכער פון אלץ אליין ארויסגעטראטן אויף אזעלכע פאלקס־פארזאמלונגען, און די איני־ציאטיוו פונם גרינדן דאס פאלקס־קיניגטום געהערט אים. דאס קאן אפילו ניט פארבארגן אויך דער שרייבער פון ספר שמואל, וועל־כער גיט אונז א שוואכן אפקלאנג פון דער פאלקס־מאלצייט אין צוף און פון דער פאלקס־פארזאמלונג אין מצפה.

שאול איז געווען, ווי עס כאראקטעריזירט אים דער געשיכטע־שרייבער, ניט קיין הערשער־כאראקטער, נאר א באשיידענער ערד־ארבעטער און ער האט זיך אפגעזאגט פון דעם כבוד, וועלכן דאס פאלק האט אים ארויסגעוויזן נאך זיין גלענצנדיקן נצחון איבער עמון. ער האט געוואלט רואיק ווייטער באארבעטן די ערד פון זיין פאטער קיש און פיטערן זיינע מויל־אייזלען אין די בערג. האט אבער געטראפן א צופאל און עס זיינען פארלארן געגאנגען די מויל־אייזלען ביי זיין פאטער און דער יונגער העלדישער פויער האט זיך געלאזן זיי זוכן איבער דער גאנצער געגנט. און „זוכנדיק די מויל־אייזלען, האט ער געפונען די מלוכה". דער צופאל האט אים געבראכט אין דער היים פון נביא, ביי וועלכן ער האט

פֿון מזרח־זייט און פֿון מערבֿ־זייט. אויך דער מדבר, די וויג פֿון שבֿטים און פֿעלקער, וואָס האָט מיט עטלעכע הונדערט יאָר פֿריער אַרויסגעשטויסן פֿון זיך די ישׂראלשע שבֿטים, האָט געדינט איצט פֿאַר אַ וואַנדער־פּלאַץ און פֿאַר אַ לייטער־קעסל פֿאַר אַנדערע ייִנגערע שבֿטים. די פֿון זיי, וועלכע זיינען שוין מער צייטיק געווען צו אַ קולטור־לעבן און פֿאַר וועלכע דער מדבר איז שוין ענג געוואָרן, האָבן זיך געשטויסן ביי די גרענעצן, האָבן זיך ווי ווילדע כוואַליעס פֿון אַ ים אַריינגעריסן פֿאַראיינס אין די דאָרפֿישע־געמיינדעס, האָבן אַוועקגעפֿירט נאָך זיך דעם שאָף און דעם אָפּגעשניטענעם ברויט. דיהאָדיקע וואַנדערער און האַלב־וואַנדערער, ווי די מדינים און עמלקים, זיינען העריבער געווען פֿאַרן עקאָנאָמישן לעבן פֿונם פּויער נאָך געפֿערלעכער ווי די קולטורעלע כנענים און פּלשתים. אין דער צייט ווען די כנענים און פּלשתים פֿלעגן אין די פֿאַרנומענע געגנטן אַוועקזעצן זייערע נציבֿים און ביי דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג צונעמען אַלס צינז אַ באַשטימטן טייל פֿון אירע תּבֿואות און שאָף, פֿלעגן די וואַנדער־שבֿטים פּשוט צעראַבירן אַלץ, וואָס זיי פֿלעגן נאָר געפֿינען, און די דאָרפֿס־לייט האָבן ניט געהאַט קיין מיטלען צו פֿאַרהיטן זיך פֿון זיי.

דער הובֿ פֿונם קיניג און פֿון זיין גאַרניזאָן איז איצט באַשטאַנען אין שיצן די דאָרפֿס־לייט פֿון אַזעלכע אָנפֿאַלן. צוליב דעם אַליין האָט ער שוין ניט געקאָנט בלייבן זיצן אין זיין היימישן דאָרף. ער האָט געמוזט שטענדיק זיין אין וועג, אין באַוועגונג. כּדי אָבער ביישטיין אַנטקעגן די מדבר־שבֿטים און צו זיין אומשטאַנד פֿון צייט צו צייט אַריינצוטרעטן אין קאַמף מיט די פּלשתים און אָפּצוהאַלטן זיי פֿון דער ווייטערדיקער אָקופּאַציע פֿון דעם הויכלאַנד, האָט דער קיניג געמוזט זאָרגן וועגן בעסערע און זיכערערע כּלי־זיין פֿאַר זיך און פֿאַר זיינע העלדן.

אין דער שופֿטים־צייט האָבן די ישׂראלשע שבֿטים, דערהויפּט

## 4. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פונם לאַנד און איר השפעה אויף דער נבואה.

אָבער ניט לאַנג האָט דאָס פאָלקס=קיניגטום געקאָנט בלייבן ביי זיין פשוטן פרימיטיוון געשטאַלט. מיטן קיניגטום האָט זיך געעפנט אַ נייע תקופה אין דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער געשיכטע פונם לאַנד. אַלץ האָט זיך איצט שנעל געביטן אַרום. און אין דעם כלל אויך די פיזיאָגנאָמיע פונם קיניג גופא. קודם=כל האָט דער קיניג געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זיינע טאָג=טעגלעכע באַשעפטיקונגען אַלס בירגער און ערד=אַרבעטער און אָפּגעבן זיך אינגאַנצן דער פירונג פונם לאַנד. אין די אינטערעסן פון דער ניי=געגרינדעטער מלוכה האָבן זיך מיט אים צוזאַמען געמוזט אָפּרייסן פון דער אַרבעט אין פעלד און גאָרטן אויך איינצלנע פאָלקס=העלדן, וואָס האָבן זיך געהאַט אויסגעצייכנט אין די פריערדיקע מלחמות און וואָס האָבן געבילדעט איצט דעם ערשטן שטענדיקן גאַרניזאָן (מצב), דעם קערן פון אַ שטענדיקער פאָלקס=אַרמיי. דורך דער הילף פון דעמדאָזיקן גאַרניזאָן האָט דער קיניג געדאַרפט דערפילן די התחייבות פון נאַציאָנאַלן שוץ, וואָס די פאָלקס=פאַרזאַמלונג האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, מיט זיין אָנפירער דעם קיניג בראש האָט דער גאַרניזאָן געדאַרפט האַלטן וואַך אויף די גרענעצן פון לאַנד, צוקוקן זיך מיט אַ שאַרפן בליק צו די אַרומיקע פעלקער, וועלכע האָבן זיך ביז דאַן אָפט געהאַט באַנוצט מיט דער צעשפּליטערטקייט פון די שבטים און דאָרפס=געמיינדעס. כדי אָפּצורייסן ביי די יונגע קאָלאָניסטן פרוכטבאַרע שטיקער ערד

שוין בשעת די מלחמות האָט אַ טייל פֿון דעם שונאס כּלי־זיין געהאַט אַריינגעפֿאַלן, ווי דער שטיינער איז, אין די הענט פֿון ישׂראל, וועלכע פֿלעגן פֿון די הויכעניישן און באַרג־טאָלן שטורמיש און אומגעריכט באַפֿאַלן דעם לאַגער. אַזוי זעען מיר דאָך מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, ווי דער שווערד און דער פּאַנצער פֿון דעם פּלשתּישן העלד גלית זיינען אַריבער צו דודן, וועלכער האָט ביז דאַן געקעמפֿט גאָר מיט זיינע וואַרף־שטיינער און פֿיילן. כּדי צו פֿאַרשאַפֿן זיך, ווי געהעריק, די נייטיקע געווער, האָט מען געמוזט אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן זיך צונויפֿרעדן מיט די שכנישע פֿעלקער, מיט די קאַראַוואַנען־הענדלער און אַפֿילו אונטערבייגן זיך אויף אַ צייט אונטערן יאָך פֿון די פּלשתּים, כּדי צו באַקומען די מעגלעכקייט אויסצובייטן ביי זיי די פּראָדוקטן פֿון דער ערדאַרבעט אויף כּלי־זיין, אָדער אויסצולערנען זיך ביי זיי די נייטיקע כּלי־זיין אַליין צוצוגרייטן.

די נאָענטקע הערנעענטערונג צו די אַרומיקע פֿעלקער און דאָס איבערנעמען פֿון זיי די נייטיקע קולטור־מכשירים האָט ווידער אַמאָל געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פֿון דער ווייטערדיקער קולטור־אַנטוויקלונג פֿון ישׂראל. קודם־כּל האָט מען פֿאַר די כּלי־זיין געדאַרפֿט באַצאָלן, און גיכער פֿון אַלץ מיט תּבֿואה און פּירות, וועלכע זיינען געווען נייטיק דער כּנענישער און פּלשתּישער באַפֿעלקערונג, וואָס האָט געלעבט אויף די שמאָלע ערד־פּאַסן צווישן ים און צווישן די בערג און וואָס איז דאָס רובֿ באַשטאַנען פֿון מענטשן מיט אַ שטאָטישער קולטור.

אויסצוהאַלטן דעם קיניג מיט זיין הייל און געבן זיי די מיטלען אויף צו פֿאַרשאַפֿן די נייטיקע כּלי־זיין איז איצט געווען דער רובֿ פֿונם פֿאָלק, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופֿן האָט די אַרמיי געקאָנט שיצן די פּויערים־באַפֿעלקערונג פֿון אַן אָנפֿאַל און געבן איר די מעגלעכקייט רואיק צו פֿאַרנעמען זיך מיטן באַאַרבעטן איר ערד.

אין דרום, געלעבט נאָך אין דער אַזוי גערופענער שטיין-תּקופה. ווי די כּלים פון זייער ווירטשאַפט, אַזוי זיינען אויך זייערע כּלי-זיין באַשטאַנען דערהויפּט פון שטיינער. וואַרף-שטיינער, שטיינערנע פיילן און מעסערס זיינען געווען זייערע געברויך-כּלי-זיין; אַחוץ דעם פלעגן די זיך אין דער צייט פון סכּנה באַנוצן זיך מיט אַלע מכשירים פון דער ערד-אַרבעט (דעם יאָך, וואָס אויף די אַקמן, דעם שטיינערנעם האַק, גראָב-אייזן און דאָס גלייכן) אויף צו פאַרטרייבן דעם שונא.

דער נאַציאָנאַלער שוץ, וועלכן דאָס קיניגטום האָט אויף זיך גענומען, האָט געמוזט ברענגען צו דעם איבערגאַנג פון דער שטיין-תּקופה צו דער תּקופה פון אייזן, קופּער און אַנדערע מעטאַלן, פריער בנוגע צו כּלי-זיין און מיט אַ דור שפּעטער אויך בנוגע צו אַלע מכשירים פון הויז און ווירטשאַפט. עס איז נאָך אין יענער צייט ניט געווען אין ישראל קיין אייזן-שמיד און קיין גאָלד-שמיד און אויך די פאָלקס-אמונה, וועלכע האָט שפּעטער אַרויסגערופן אַ באַדערפעניש אין געגאָסענע געטער-בילדער פון מעטאַל, האָט זיך נאָך געפונען אין דער שטיין-תּקופה, האָט זיך געהאַט באַנוצט דאָס רוב מיט שטיינערנע מצבות און אשרות. די מעטאַל-כּלים פלעגן קומען פון אויסלאַנד, דערהויפּט פון די כּנענים, וועלכע פלעגן באַאַרבעטן די רויע מעטאַלן, וועלכע זיי פלעגן געפינען אויף די אינזלען פון מיטללענדישן און עגעאישן ים. אויך די נייע אָקופּאַנטן פון מערבֿ-לאַנד, די פּלשתּים, וועלכע זיינען געווען נאָך זייער גאַנצער נאַטור און זייער קולטור-געשיכטע אַ ים-פאָלק, האָבן פון די כּנענים אָדער פון די מצרים איבערגענומען די אויסאַרבעטונג פון מעטאַלן. פון זיי האָט ישראל געהאַט איבערצונעמען איצט די קונסט פון צוגרייטן די נייטיקע כּלים און הפּצים, וועלכע ער האָט געדאַרפט, כּדי צו דערהויבן זיך צו אַ העכערער מדרגה פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד.

שיידענע מותרות און זאָלן קאָנען פֿירן אַ בית־הגדל איינע מיט די אַנדערע.

אַחוץ דעם זיינען די אַלטע הייליקע שטעט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, געלעגן דאָס רוב אויף די גרויסע קאַראַוואַנען־וועגן, און אין זיי פֿלעגן זיך אָפּשטעלן די בבלישע, מצרישע און כנענישע סוחרים. דאָ האָבן זיך אויך פֿרי געבילדעט לאַגערס פֿון אויסלענדישע סחורות. דאָ האָט געקאָנט אויסגעביטן ווערן די היימישע תּבֿואה אויף כנענישע קליידער און כּלים, דער היימישער ליין, בוימאייל און בשׂמים אויף אויסלענדישע מעטאַלן און פֿערד און אַזוי כּסדר. די אויסלענדישע סחורות וואָלטן אָבער ניט געפֿונען קיין פֿאַרשפּרייטונג אין לאַנד, ווען עס וואָלט ניט פֿאָרגעקומען פֿאַראיינס אויך אַ קולטורעלע השפּעה אויף דער ישׂראלשער באַפֿעלקערונג מצד די שכנים און אויסלענדישע קאַראַוואַנען־סוחרים1). איבערנעמענדיק די קולטור און לעבנס־געוווינהייטן פֿון די אַרטיקע פֿעלקער, האָבן זיי לאַנגזאַם אַנטוויקלט ביי זיך די באַדערפֿענישן אין פֿאַרשיידענע כּלים און הפּצים, וועלכע יענע האָבן באַנוצט אין טאָג־טעגלעכן לעבן און האָבן שוין במילא געשאַפֿן פֿאַר די אַ באָדן ביי זיך אין לאַנד.

עס איז וויכטיק אָבער אויך צו געדענקען, אַז די הייליקע שטעט זיינען געווען אויך באַפֿעסטיקטע שטעט. ווייל נאָכן פּאָליטישן מנהג פֿלעגט דער שונא, וועלכער האָט געשטרעבט מנצח צו זיין דאָס פֿאָלק, ניט נאָר זוכן צו צעשטערן זיינע ווירטשאַפֿטלעכע, נאָר דערהויפּט אויך זיינע רעליגיעזע צענטערס. מנצח זיין דאָס פֿאָלק, הייסט קודם־כּל מנצח־זיין זיין פֿאָלקס־גאָט, אַראָפּזעצן

1) בשעת די אויסגראָבונגען אין תּענך, מגדו און גזר זיינען געפֿונען געוואָרן פֿיין אויסגעאַרבעטע געפֿעס פֿון דער כנענישער (פֿאַר ישׂראלשער) תקופה.

די הוצאות פֿון דער מלוכה און דער אַרמיי זיינען נאָך צום אָנהייב ניט געווען איבעריק גרויס, אויפֿן אַלט־כנעניש אופֿן פֿלעגט דער פּויער אָפּגעבן דעם פֿאָלקס־קיניג העכסטנס אַ צענטל פֿון זיין תּבֿואה. ביי זיינע אייגענע קליינע באַדערפֿענישן אין דאָרף און ביי דער גרעסערער זיכערקייט פֿון לעבן, וועלכע ער האָט דערגרייכט ביי דער גייער לאַגע, האָבן ביים פּויער נאָך געדאַרפֿט בלייבן אַפֿילו מותרות פֿון תּבֿואה און פֿון פּרות, בפֿרט אין די פֿרוכטבאַרע טאָלן, ווי אויך אין די באַרג־דערפֿער, וואָס זיינען דורך דער נאַטור גופֿא געווען באַשיצט פֿון אָפֿטע פֿיינט־לעכע אָנפֿאַלן.

דער פּויער האָט זיך אָנגעהויבן נויטיקן צו ביסלעכווייז אין אַ מאַרק פֿאַר זיינע תּבֿואות. ער האָט געזען ביי זיינע שכנים די כּנענים פֿיל הויז־כּלים, געצייג און געווער, וועלכע האָבן אויך אים געקאָנט צונוץ קומען, ער האָט געזען אויך אַריי שפּיין־פּראָדוקטן, וועלכע ער האָט ניט געקאָנט אויסאַרבעטן אין זיין אייגענערווירטשאַפֿט. אויף די אַלע נייטיקע הפֿצים האָט ער גע־קאָנט אויסבייטן זיינע תּבֿואה און פּרות. און די אַלטע היילי־קע שטעט, וועלכע זיינען אין דער כּנענישער תּקופֿה געווען ווירט־שאַפֿטלעכע צענטרען, הייבן לאַנגזאַם ווידער אָן אויפֿצולעבן. די ישׂראלדיקע פּויערים פֿון דער סבֿיבֿה הייבן אָן צונויפֿצופֿירן אַהין זייערע מותרות און פֿירן אַ בית־האַגדל מיט זייערע ברידער אין לאַנדס־לייט. אַזוי ווי פּאַלעסטינע האָט די נאַטור־איינגעשאַפֿט, אַז אויף אַ קליינעם געאָגראַפֿישן שטח אַנטוויקלען זיך אין איר פֿאַר־שיידנאַרטיקע תּבֿואות און נטיעות און אַז דער קלימאַט און די פֿלאַנצונגען אויף די באַרג־שטחים זיינען לגמרי אַנדערע ווי אין די טאָלן, וואָס ביים ים אָדער ביים ירדן, האָט געקאָנט געמאָלט זיין, אַז פּויערים פֿון ניט ווייטע דערפֿער זאָלן גראָד האָבן פֿאַר־

לאַנד און צו שטיין אויף דער וואַך פון די פאָלקס-אינטערעסן; די לעבנסנויטן האָבן אַחוץ אַרום געשטויסן דאָס קיניגטום אין שטאַט אַריין, האָבן צוגעגעבן דעם שטאַטישן לעבן אַ פּאָליטישן פּרצוף און אינהאַלט.

די כהנים און די דינער פון די טעמפּלען, און דער קיניג מיט זיין אַרמיי און זיינע באַאַמטע — האָבן זיינען געווען די ערשטע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון דעם אָרגאַנישן צובונה מיט דער ערד. פון איצט אָן איז די שטאַט געוואָרן אַ צענטער פאַר אַלע די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין ערד אָדער וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון איר מיטן אייגענעם אָדער פרעמדן ווילן.

עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן נאָך עפּעס לענגער אויף דעם פּראָצעס פון איבערגאַנג פון דאָרף אין שטאַט, ווייל דאָ וועלן מיר זיך אָנשטויסן אויף די ערשטע סיבות פון דער סאָציאַלער אומגלייכקייט און פון דער דיפערענצירונג פון די קלאַסן אין ישראל, וועלכע האָבן געשאַפן דעם באָדן פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרויסטרעטונג פון די נביאים.

נאָכן אַלטן ישׂראלישן מנהג פלעגט דאָס פעלד אָדער דער וויין-גאָרטן אַריבערגיין נאָכן טויט פונם פאָטער צו די זין, וועלכע פלעגן אָדער בשותפות באַאַרבעטן די ערד, אָדער צעטיילן זי אויף גלייכע חלקים, לויט דעם באַשטימען פון די האַרפּס-זקנים. חען עס פלעגן אָבער ניט בלייבן קיין קינדער נאָכן טויט פון דעם ערד-אַרבעטער, פלעגן אַרויסטרעטן אַלס קאָנקורענטן די אלמנה פון דעם פאַרשטאָרבענעם און זיינע ברידער. כדי ניט צו דערלאָזן צו אַ פאַמיליען-קאָנפליקט און כדי צו באַוואָרנן, אַז דאָס פעלד פון דעם פאַרשטאָרבענעם זאָל ניט אַריבערגיין צו אַ פרעמדן, צו אַן אַנדער משפּחה, האָט דער מנהג פעסטגעשטעלט, אַז דעם מאַנס ברודער, וועלכער נעמט די אלמנה פאַר אַ ווייב, באַקומט

אים פון זיין טראָן, פאַרנעמען זיינע טעמפּלען און מזבּחות און איבערגעבן זיי אין רשות פון אייגענעם גאָט. דאָס פאָלק, וואָס דיין גאָט האָט געליטן אַ מפּלה, קאָן שוין מער ניט געהאָלפן ווערן דורך כּלי-זיין. דער נאַציאָנאַלער אומגליק, וועלכער איז, אַ שטייגער, געשען ישׂראלן בײַ אבן-העזר, איז ניט באַשטאַנען דערהויפּט אין דעם, וואָס עס זיינען אומגעקומען פיל מענטשן און פאַרכאַפּט געוואָרן שטעט און דערפער, נאָר וואָס דער הייליקער אָרון איז פאַרכאַפּט געוואָרן, און ישׂראלס גאָט איז גענומען געוואָרן געפאַנגען. עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, אַז ווי פאַר זיינע ווירטשאַפטלעכע אַזוי אויך פאַר זיינע רעליגיעזע צענטערס, האָט דאָס פאָלק געזוען אָדער אויסצוקלייבן ערטער, וועלכע זיינען שוין לכתחילה געווען באַפעסטיקט דורך דער נאַטור אַליין אָדער אַרומרינגלען זיי ספּעציעל מיט פעסטע הויכע מויערן, מיט אייזערנע טויערן און ריגלען.

אויך דאָס פאָלקס-קיניגטום האָט געמוזט אויפבויען זיין צענטער אין שטאָט. דער דאָרף, אַפילו דאָרטן, וואו די ערד געהערט שוין ניט די מיטגלידער פון איין משפּחה, איז אַ פאַרשלאָסענע געמיינדע. ווער עס האָט נאָך ניט אין דאָרף קיין ערד, האָט דאָרטן ניט וואָס צו טאָן. אַ וואַנדערער, וואָס גייט פאַרביי, קאָן העכסטנס אויפגענומען ווערן אויף אַ באַשטימטער צייט פאַר אַן אורח, לענגער האָט ער ניט וואָס צו טאָן אין דאָרף, אויב ער באַקומט ניט פאַר זיך קיין נחלה אָדער ער שטייט ניט צו אויף אַ וועלכן ניט איז אופן צו אַן עקסיסטירנדיקער פויערים-פאַמיליע. אַחוץ דעם האָט דער פאַרצייטיקער דאָרף ניט געהאַט דאָס רוב קיין באַקוועמע וועגן, וואָס זאָלן אים פאַראייניקן מיט די איבעריקע טיילן פון לאַנד. ווען דאָס פאָלקס-קיניגטום וואָלט געבליבן צוגעבונדן צום דאָרף אַפילו נאָר אין געאָגראַפישן זין, וואָלט פאַר אים זיין אוממעגלעך צו פאַראייניקן אַרום זיך דאָס גאַנצע

זייערע פלעגן אַרויסגעשטויסן ווערן פון דאָרף אין שטאָט, ווייל ווער עס האָט פאַרלאָרן זיין ערד, אַלס דעם עקאָנאָמישן יסוד פון זיין קיום, האָט מער ניט געהאַט וואָס צו טאָן אין דאָרף.

אָבער אויך אַחוץ דער אינעווייניקסטער לאַגע פון די פויערים-פאַמיליען זיינען געווען נאָך סיבות, וועלכע האָבן זינט דעם אָנהייב פון דער מלכים-צייט צעשטערט די פריערדיקע פשוטע באַציאונגען און די פרימיטיווע סאָציאַלע גלייכקייט אין דאָרף. די וויכטיקסטע פון דיזאָזיקע סיבות זיינען געווען די מלחמות. אין אַלטע צייטן, ווען די ישראלשע שבטים זיינען נאָך-וואָס אָנגעקומען קיין לאַנד, האָבן זיי אומעטום פאַרוויסט שטעט און דערפער און הונדערטער אומגעבראַכט די כנענישע באַפעלקערונג, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט. אַלס מדבר-וואַנדערער, וואָס זיינען ניט געוואוינט געווען צו שעצן דעם ווערט פון דער מענטשלעכער אַרבעטס-קראַפט, האָבן זיי זיך ניט אָפּגעגעבן קיין דין-וחשבון אין די מענטשלעכע לעבנס, וואָס זיי האָבן אומגעבראַכט. ערשט די ערד-אַרבעט האָט זיי אויסגעלערנט צו שעצן דעם ווערט פון דער מענטשלעכער אַרבעט, ווייל יעדער האָט זיך געקאָנט צוקוקן אין זיין היימישן דאָרף, ווי יענע משפחה, וואָס האָט מער אַרבעטנדיקע נפשות, לעבט בעסער און זאַטער און האָט אַ בעסער איינגעאָרדנטע ווירטשאַפט. דעריבער האָבן די ישראלשע קריגס-לייט אָנגעהויבן שוין אין דער פריער מלכים-צייט צו נעמען זייערע שונאים געפאַנגען און צו באַנוצן זיך מיט זיי צו פאַרשיידענע אַרבעטן, מאַכן זיי פאַר זייערע קנעכט.

מיר ווייסן אויך, אַז נאָך דעם אַלטן מנהג פון יענער צייט פלעגן די קריגס-לייט טיילן צווישן זיך די מלחמה-רויב אין גלייכע חלקים. בשעת די אומאויפהערלעכע מלחמות פון דער פריער מלכים-צייט האָבן זיך די מיליטעריש-אַקטיווע פאָלקס-טיילן, דערהויפּט אָבער די דאָרפס-עלטסטע און קריג-פירער, וועלכע פלעגן גיין

מיט דעם צוזאַמען אויך די נחלה פֿון איר פֿאַרשטאָרבענעם מאַן. ביזוואַנען אָבער די ברידער ספֿקן זיך און באַשליסן ניט דעם גורל פֿון דער אלמנה, האָט זי קיין רעכט ניט איינצואָרדענען איר לעבן לויטן אייגענעם ווילן. אָפֿט פֿלעגט דער פֿאַמיליען־מצב פֿון דעם מאַנס ברידער זיין אַזאַ, אַז זיי פֿלעגן ניט קאָנען נעמען זיך נאָך אַ פֿרוי אין שטוב אַריין און זיי פֿלעגן דעריבער זען צו באַפֿרייען זיך פֿון דערדאָזיקער התחייבות, צו אונטערדריקן די רעכט פֿון דער אלמנה און אַרויסצושטויסן זי מיט געוואַלד פֿון דער נחלה פֿון איר פֿאַרשטאָרבענעם מאַן. צייטנווייז פֿלעגן דעם פֿאַרשטאָרבענעמס ברידער דערווייטערן פֿון דער נחלה די אלמנה צוזאַמען מיט אירע קליינע יתומים, וועלכע האָבן ניט געהאַט גענוג קראַפֿט צו פֿאַרטיידיקן זייער רעכט פֿאַרן משפּט פֿון די דאָרפֿס־עלטסטע, וועלכע פֿלעגן זיך לאָזן אונטערקויפֿן דורך די ברידער.

נאָך שאַרפֿער פֿלעגט זיך אָבער פֿונאַנדערפֿלאַקערן דער קאָנפֿליקט צווישן די יורשים, ווען עס פֿלעגן נאָכן פֿאַרשטאָרבענעם בלייבן קינדער פֿון פֿאַרשיידענע ווייבער, וועלכע האָבן ביי זיין לעבן פֿאַרנומען אַ פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע לאַגע. אויב איינע פֿון די פֿרויען איז געווען אַ געוועזענע דינסט, אָדער אַ קריגס־געפֿאַנגענע, אָדער ווען זי איז געווען אַ זונה, וואָס פֿלעגט זיך פֿריער פֿאַרקויפֿן פֿאַר געלט, — פֿלעגט אָפֿט פֿאָרקומען אַ מחלוקת צווישן די יורשים, און די ווייניקער יחסנדיקע זין, הגם זיי האָבן ביים פֿאָטערס לעבן געאַרבעט צוזאַמען מיט אַנדערע אין פֿעלד, פֿלעגן אָפֿט איינגאַנצן אַרויסגעשטויסן ווערן פֿון זייער נחלה. — און וואָס ווייטער עס זיינען געוואָקסן די דאָרפֿישע מאַסן, וואָס געדיכטער עס איז געוואָרן די באַפֿעלקערונג און קלענער דער שטח פֿון פֿעלד ביי יעדן פּויער, אַלץ אָפֿטער און לײַדנשאַפֿטלעכער האָבן געמוזט פֿאָרקומען דידאָזיקע קאָנפֿליקטן, און די קרבנות

פּראָדוקט פֿון זײַן אַרבעט, ווי עס האָבן אים, אַ שטייגער, די זין וואָס אַרבעטן אין דער גלה, פֿון זייער פֿאָטער, — די דאָזיקע עבֿודה האָט געמוזט בכלל פֿאַרקלענערן דעם ווערט פֿון פֿרייער מענטשלעכער אַרבעט, אָפּרייסן דעם פֿרייען מענטשן פֿון דער ערד. און געוויינען אים קוקן אויף דער אַרבעט ווי אויף אַ יאָך, אויף אַ קללה. פֿון דעם שווייס און פּראַצע פֿון קנעכט און אָרעמע פּויערים אין דאָרף איז געוואַקסן דער לוקסוס און פּיץ אין שטאָט. פֿון עלפֿאַנט-ביין און צעדער-האָלץ האָבן זיך געבויט לוסטיקע הײַזער, מיט די טײַערסטע בוימלען האָבן זיך געלאָזט שמירן זייער לײַב די פֿאַרווײדלטע שטאָטישע אַריסטאָקראַטן, ווײַן און געזאַנג און מאָלצײַטן האָבן ניט אויפֿגעהערט בײַ זיי, און אַ גרויסע מאַסע עלנטע קנעכט האָט אַרום זיי עקסיסטירט, נאָר כּדי צו דערפֿילן זייערע תּאוות און מאַכן זייער לעבן באַקוועמער און לײַכטער און פֿאַרוואַנדלען די אין פֿולשטענדיקע פּאַראַזיטן.

די דאָזיקע סאָציאַלע אומגלײַכקייט, דער קאָנטראַסט פֿון קלאַסן, וואָס האָט זיך אָנגעצייכנט אין פֿאָלק אין אַזעלכע העסלעכע און טונקעלע פֿאַרבן, איז אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויף אַ צײַט דורך דער ווירקונג פֿון אַ צווייטן עקאָנאָמישן פֿאַקטאָר.

מיר האָבן שוין געזען, אַז די היסטאָרישע אויפֿגאַבע פֿון פֿאָלקס-קיניגטום האָט געקאָנט דערגרייכט ווערן נאָר דאַן, ווען די שטעט זאָלן זיך אויסבילדן אין באַפֿעסטיקטע מיליטערישע צענטרען, ווען עס זאָלן איבערן לאַנד דורכגעלייגט ווערן וועגן פֿאַרן חיל, ווען עס זאָלן פֿאַרשאַפֿן ווערן די נייטיקע מלחמה-מכשירים. דאָס אַלץ האָט אָבער געפֿאָדערט פֿיל טאַלאַנט און ענערגיע און ניט ווייניקער פּראָפֿעסיאָנעלע צוגרייטונג. די דאָזיקע מלוכה-אויפֿגאַבע, וועלכע איז געשטאַנען אויפֿן טאָג-סדר, האָט געמוזט אַרויסרופֿן אין לאַנד אַ באַדײַטנדיקע ווירטשאַפֿטלעכע אויפֿלעבונג. מיט

בראש, זיך באַרייכערט מיט האָב און גוטס, אַזוי אַז זיי האָבן געקאָנט אויפקויפן זיך נחלאות און לאָזן זיי באַאַרבעטן דורך זייערע קנעכט און קריגס־געפאַנגענע. באַאַרבעטנדיק די ערד דורך אַנדערע, האָבן די זיך געקאָנט לאַנגזאַם באַפרייען אינגאַנצן פון דעם אויפבונד מיטן דאָרף, האָבן איבערגעלאָזט דאָרטן זייערע משגיחים און די עצם־אַרבעט האָט זיך בײַ זיי פאַרוואַנדלט אין אַ באַשעפטיקונג, וועלכע פאַסט נאָר פאַר קנעכט און אָרעמע פויערים. אַליין האָבן די זיך איצט גרופירט אַרום דעם קיניג, האָבן זיך באַוואָפנט אויפן אייגענעם חשבון נאָכן מוסטער פון די העכערע באַאַמטע, האָבן זיך געבויט הייזער און פאַלאַצן אין דער הויפט־שטאָט און פון זיי האָט זיך, זינט דודס מלוכה־צייט, אָנגעהויבן אויסצובילדן די שטאָטישע אַריסטאָקראַטיע.

אַזוי ווי בײַ די אָפטע און גרויסע מלחמות פון דער ערשטער מלכים־צייט איז שטענדיק אויסגעקומען צוצוציען רעזערוון פון דאָרף אויך צו פאַרשטאַרקן די שטענדיקע אַרמיי, זיינען פיל פויערים אומגעקומען אין די מלחמות פון יענע יאָרן, זייערע פעלדער און גערטנער זיינען פאַרוויסט געוואָרן, זייערע משפחות זיינען פאַראָרעמט געוואָרן און געצוואונגען געווען אַריינצופאַלן אין חובות, פאַרמשכנען זייער ערד און זי דערנאָך איבערלאָזן דעם בעל־חוב פאַר זיין חוב, וועלכן זיי זיינען ניט אימשטאַנד געווען צו באַצאָלן.

אַזוי האָבן די מלחמות פון איין זייט געבראַכט דערצו, עס זאָל אין דאָרף אויפקומען אַ באַזיצלאָזע, עלנטע מאַסע, און פון צווייטן זייט, — זאָל געשאַפן ווערן אַ גינסטיקער באָדן פאַר די, וואָס זיינען רייך געוואָרן פון דעם מלחמה־רויב, צו פאַרכאַפן אין זייערע הענט גרויסע ערד־שטחים און באַאַרבעטן זיי דורך די קנעכט און קריגס־געפאַנגענע. — די עצם עבודה אָבער, אַז די ערד קאָן באַאַרבעט ווערן דורך אַ קנעכט, וואָס באַקומט ניט דעם פולן

ווי אַ האַנדלס-פֿאָלק און אַ ים-פֿאָלק, און פֿאָרצונעמען מיט זיי צו-זאַמען פֿאַרשידענע מסחר-נסיעות אין די ווייטע לענדער און בויען פֿאַר די דאָזיקע נסיעות ספּעציעלע שיפֿן. דער דאָזיקער בונה און די-דאָזיקע נסיעות האָבן געבראַכט ישראל צום ערשטן מאָל אין אַן ענגער עקאָנאָמישער באַרירונג מיטן וועלט-האַנדל און דער וועלט-קולטור, האָבן פֿאַרברייטערט די פּאָליטישע האָריזאָנטן פֿון זיין לעבן, פֿאַרגרעסערט די קולטור-באַדערפֿענישן פֿון דער באַפֿעל-קערונג און צעשטערט די תמימותדיקע צופֿרידנקייט, וואָס האָט נאָך געהערשט אין דער פּראָווינץ. ווער עס איז נאָר איינמאָל אַרויס פֿון זיין אָרעמען דאָרפֿישן קרייז און געזען די פּראַכט פֿון די שטעט און בפֿרט פֿון די עקזאָטישע לענדער אויפֿן ברעג פֿון אינדישן ים און די קולטור-צענטרען פֿון דער מצרישער און אשורישער וועלט, האָט איצט באַקומען פֿאַר זיך נייע צילן און שטרעבונגען. די שטעט מיט זייער שנעל-וואַקסנדיקער קולטור, מיט זייער אויפֿבליענדיקן האַנטווערק און מלאכות האָבן איצט צו זיך צוגעצויגן אַלע עלנטע און באַדנלאָזע עלעמענטן פֿון דאָרף, אַהין פֿלעגן אויך לויפֿן די קנעכט, וואָס האָבן געשטרעבט אויסצובייטן זייער שקלאַפֿן-לעבן אין דאָרף אויף אַ פֿרייער שטאָטישער באַשעפֿ-טיקונג. די פֿאַרביטערטקייט, וועלכע האָט זיך געהאַט אויפֿגעקליבן ביי די רואינירטע פֿאָלקס-עלעמענטן אין דאָרף איז אויף אַזאַ אופֿן אויף אַ צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, דער עקאָנאָמישער וואויל-שטאַנד פֿון שטאָט האָט געהיילט זייערע וואונדן.

וואָס גרעסער עס איז געוואָרן די באַפֿעלקערונג אין די שטעט, אַלץ גרעסער איז אין זיי געוואָרן אויך דער אינעווייניקסטער האַנדל. אָנשטאָט די וואַנדער-סוחרים, וואָס פֿאָרן אַריין אין אַ מאַרק-טאָג אין די טויערן פֿון שטאָט מיט זייער סחורה, האָט זיך אָנגעהויבן אויס-צובילדן אַ שטענדיקער האַנדלס-קלאַס. די מערק זיינען געוואָרן שטענ-דיקע, עס האָבן זיך געעפֿנט געוועלבן, און הערויפּט אין ירושלים

גרויס התמדה איז דאָס פאָלקס־קיניגטום צוגעטראָטן אויסצופירן דין גרויסע בוי־אַרבעט: בויען נייע שטעט, קאָלאָניזירן גאַנצע געגנטן, דורכהאַקן טונעלן אין די בערג, אַריינפירן וואַסער אין שטאָט פון די אַרומיקע באַרג־קוואַלן פאַר די באַדערפעניש פון פאָלק און חיל, באַפעסטיקן די שטעט מיט הויכע מויערן, באַזאָרגן די מיט אייזערנע טויערן און ריגלען, בויען אַרסענאַלן און האַפנס, טעמפּלען און פּאַלאַצן.

כדי צו פאַרשאַפן און צו באַאַרבעטן די רוי־שטאָפן, וואָס זיינען געווען נייטיק צו די אַלע מלוכה־אונטערנעמונגען, האָט מען גע־מוזט שיקן טויזנטער מענטשן אין די בערג, אויסצוהאַקן די גראַניט־שטיינער און די מעכטיקע צעדער־ביימער פון לבנון און דערנאָך עפענען פאַרשיידענע וואַרשטאַטן, כדי צו באַאַרבעטן דידאָזיקע רוי־שטאָפן. די מלוכה האָט ניט געהאַט אָבער קיין פּראָפעסיאָנעל־אויסגעבילדעטע האַנטווערקער, אין וועלכע זי האָט זיך איצט אַזוי שטאַרק גענייטיקט. זי איז דעריבער געווען פאַראינטערעסירט צו געבן פאַרשיידענע פּריווילעגיעס די אויסלענדישע, דערהויפּט די צורישע און צידונישע מייסטערס, באַזעצן אין די שטעט, דער־הויפּט אין דער הויפּט־שטאָט גאַנצע צעכן פון האַנטווערקער, און פון דער צווייטער זייט, מאָביליזירן פון פאָלק (דערהויפּט, מן־הסתם, פון די אָרעמע און באַדגלאָזע פויערים) גרויסע אַרבעטס־אַרמייען, וואָס זאָלן אויספירן די שווערע פיזישע אַרבעטן אין די בערג און וועלדער, און וואָס זאָלן דערפאַר ווידער באַקומען גע־וויכטע הגהות מצד דער מלוכה.

ניט אַלע מאַטעריאַלן און רוי־שטאָפן האָט מען אָבער פאַר־מאָגט צו באַקומען אין לאַנד גופא אָדער אין די שכנישע לענדער. אידעלע מעטאַלן, העלפאַנט־ביין איז אויסגעקומען צו ברענגען פון ווייטע לענדער און עס איז אויסגעקומען צו שליסן צו דעם צוועק אַ בונד מיט די צורים און צידונים, וואָס זיינען געווען באַרימט

מאָביליזירט פון דער פויערים־מאַסע און געשיקט אין די לבנון־בערג, האָבן זיך אויסגעלערנט דאָרטן ביי די צורים און צידונים די קונסט פון שטיינהאַקן און שטיין־שלייפן, האָרטן האָבן זיך די מאַכן־אַרבעטער אויסגעלערנט צו באַאַרבעטן די צעדער־װעלדער, װעלכע פלעגן געהאַקט װערן אין לבנון, צוגרייטן געװער פון מעטאַל אין די ספּעציעלע װערקשטאַטן, װאָס שלמה האָט דאָרטן געעפנט; אין אילת און עציון־גבר, װאָס ביים ברעג פון רויטן־ים, האָבן זיי זיך אויסגעלערנט די קונסט צו בויען שיפן און אין משך פון די זעקס־חדשים, אויף װעלכע מען פלעגט זיי פונאַנדערלאָזן יעדער יאָר פון די מלוכה־אַרבעטן אַהיים, פלעגן זיי געװיס מיטװירקן, אַז די היאָזיקע קונסט־אַרבעטן זאָלן אַריבער־געטראָגן װערן אויפן היימישן באָדן.

אין סוף פון שלמהס מלוכה האָט זיך אָבער פאַרענדיקט די תקופה פון אינטענסיװן מלוכה־בנין, װעלכער האָט דערגרייכט די העכסטע עקאָנאָמישע מדרגה. עס איז פריי געװאָרן פון איר מלוכה־אַרבעט אַ גרויסע מאַסע קינסטלער, האַנטװערקער און אַר־בעטער, װעלכע האָבן ניט אַלע געקאָנט שוין מער, ביי זייער פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג, אומקערן זיך צוריק צום פּרימיטיװן דאָרפישן לעבן: זיי האָבן זיך נאַטירלעך געמוזט לאָזן אין שטאָט אַריין, אין די מלוכה־צענטרען, װעלכע האָבן בכלל, נאָך דער קורצער תקופה פון עקאָנאָמישן אויפבליען, געמוזט איבערלעבן אַ װירטשאַפטלעכן קריזיס. עס האָט זיך געמוזט אין שטאָט פאַר־שפּרייטן אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. מענטשן, װאָס זיינען געװיינט געװאָרן פרייער צו לעבן פון דער ערד און געהאַט אַריינגעצויגן געװאָרן אין דער קינסטלעך־אַנטװיקלטער האַנטװערקעריי, האָבן איצט געמוזט פאַרלירן דעם מאַרק פון ירושלים און פון אַנדערע שטעט מיט זייער ביליקער אַרבעטס־קראַפט און ניט געפינען פאַר איר די פּאַסיקע אָנװענדונג. די הוצאות פון דער מלוכה זיינען אָבער

האָט זיך געמוזט וואַקסן דער וואוילשטאַנד פון האַנדלס-קלאַס. האַנט ביי האַנט מיט דער מיליטערישער אַריסטאָקראַטיע האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם אויסצוּוואַקסן אויך אַ האַנדלס-אַריסטאָקראַטיע.

בשעת אָבער אין אָנהייב פון דער מלכים-צייט זיינען די סחורות באַשטאַנען אָדער פון נאַטור-פּראָדוקטן אָדער פון אויבלענדישע אויסאַרבעטונגען, האָט די אויפבליאונג פון אינעווייניקסטן מאַרק געמוזט אַרויסרופן די באַדערפעניש אין אַן אייגענעם האַנטווערקער-קלאַס, וועלכער זאָל קאָנען קאָנקורירן מיט די אויסלענדישע האַנט-ווערקער. און ווען מיט דער אַרט פון אויסאַרבעטונג האָבן די ירושלימער האַנטווערקער פון יענער צייט געמוזט נאָך בלייבן שטיין אַ לאַנגע צייט הינטער זייערע צורישע חברים, האָבן זיי דערפאַר אָבער געקאָנט ניט אין ערך בילי קער פאַרקויפן זייערע סחורות, ווייל זייערע הוצאות און באַדערפענישן זיינען נאָך געווען פיל קלענערע און ווייל צווישן זיי און צווישן דעם קונה איז נאָך קיינער ניט געשטאַנען. זיי פלעגן אין זייערע אָפענע קליינע ווערק-שטאַטן אויפן מאַרק-פּלאַץ אויסאַרבעטן די פאַרשיידענע קליידער און כלים און דאָ אויפן אָרט זיי פאַרקויפן, אָדער לכתחילה אַרבעטן פון די רוי-שטאָפן, וועלכע עס פלעגן זיי ברענגען די דאָרפס-לייט.

די ערשטע האַנטווערקער פון ירושלים זיינען, קאָנטיק, אויך געווען אויסלענדער און אין יענער תקופה, ווען דאָס האַנטווערקעריי האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, זיינען, ווי עס זעט אויס, אָנגעקומען קיין ירושלים פיל געניטע האַנטווערקער פון גליל, דער-הויפּט פון דן, נפתלי און זבולון,—די שבטים, וואָס האָבן גע-לעבט אין שכנות מיט די צורים און צידונים און וועלכע האָבן פריער פון אַנדערע איבערגענומען ביי זיי פאַרשיידענע מלאכות אין האַנטווערק. (טעפּעריי, וועבעריי, שמידעריי, שליפעריי, בוי-קונסט). אָבער אויך די טויזנטער שטיינהאַקער, וועלכע שלמה האָט

איצט האָט שמואלס אַרויסטרעטונג וועגן דער פֿאָלקס-גזלה פֿון די כּהנים דעם כאַראַקטער פֿון אַ קליינער דעטאַל-ערשיינונג. זי איז געווען גרויס און באַדייטנד נאָר אין יענער צייט מיט אירע פּרימיטיווע באַציאונגען, מיט איר אומבאַוועגלעכער געזעלשאַפֿטלעכקייט, איידער נאָך די שטאָט און דער דאָרף, דער מאַגנאַט און דער באָדנגלאָזער פֿרייער אָדער אָרעמער האַנטווערקער זיינען געשטאַנען איינע אַנטקעגן די אַנדערע, ווי בולטע קאָנטראַסטן, און איידער די כּהנים, פֿון וועמעס מעשים שמואל האָט זיך אַזוי געווערט, האָבן אויף אַ פּשוטן און אָפֿענעם אופֿן זיך געשטעלט אויף דער זייט פֿון דער רייכער שטאָטישער אַריסטאָקראַטיע מיטן קיניג בראש.

איצט, בשעת דאָס קיניגטום, וואָס האָט געהאַט זיין שורש הינטערן „שאָף-שטאַל און אַקער", האָט שוין געהאַט פֿאַרלאָרן זיין צובונד מיטן דאָרף, זיך אָפּגעריסן פֿון דעם קלאַס, פֿון וועלכן עס איז אַרויס, איז די נבֿואה געבליבן טריי איר נאַטור, זי איז ווי אַ מעכטיקער פֿיל-צעצווייגטער בוים אַריינגעוואַקסן אין דעם דאָרפֿישן באָדן. די וואַקסנדיקע סתּירות און דאָס סטיכישע אויפֿקומען פֿון גרויסע פֿאָלקס-מאַסן האָט געשאַפֿן אַ ברייטערן פֿעלד פֿאַר די נבֿיאישע אידעען, האָט זיי געשאַפֿן אַ מעכטיקן רעזאָנאַנס. אויב דער נבֿיא האָט נאָך ניט געקאָנט אָרגאַניזירן די פֿאָלקס-באַוועגונג, האָט ער אָבער סיי אין שטאָט, סיי אין דאָרף געהאַט פֿאַר זיך שוין אַ גרויסע אוידיטאָריע, וועלכע ער האָט געקאָנט פּאָליטיש דערציען, אויף וועלכע ער האָט געקאָנט בויען זיין סאָציאַלע פּערספּעקטיוו, ווייל אירע היסטאָריש-פֿאַרשטאַנענע אינטערעסן זיינען געלעגן אין יסוד פֿון זיינע אידעען.

ווי דער קיניג, אַזוי האָט אויך דער נבֿיא איבערגעטראָגן דעם מיטלפּונקט פֿון זיין טעטיקייט אין שטאָט אַריין. דער נבֿיא איז אָבער ווי פֿריער געבליבן ביי זיין איינציקן געווער, ביי זיין

אין משך פון דער גלאַנץ־תקופה דערגאַנגען צו אַ געוויסער הויך, פון וועלכער זיי האָבן שוין ניט געקאָנט אַרונטערגיין אַזוי גרינג. די מלוכה־שטיערן איז שווער געווען צו פאַרקלענערן, אָבער דאָס פאָלק איז ניט אין שטאַנד געווען זיי איצט צו צאָלן ווי פריער; די מלוכה־שטייערן איז שווער געווען צו פאַרקלענערן, אָבער דאָס פון פאָלק, און די מלוכה־באַאַמטע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן איינמאָנען די שטייערן, זיינען פאַרהאַסט געווען אין פאָלק צוליב זייער שטרענגקייט און אכזריות.

די מלוכה האָט זיך שוין ניט געקאָנט שטיצן אויף דער פאַרזאַמלונג פון די פאָלקס־עלטסטע, וועלכע פלעגט נאָך אויפגערופן ווערן אָפט אין דורות מלוכה־צייט, איר אָרט האָבן שוין אינגאַנצן פאַרנומען די קיניגלעכע הויף־יועצים.

עס האָט זיך אויפגעדעקט די געזעלשאַפטלעכע סתירה, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן פאָלקס־קיניגטום און צווישן די אינטערעסן פון פאָלק. אָנשטאָט אַ פאָלקס־רעטער און פאָלקס־העלד, וועלכער גייט אין דער שפּיץ פון דער פויערים־מאַסע, איז דער קיניג געוואָרן אַ פאָלקס־פאַררעטער, וואָס בויט זיין פּערזענלעכן גליק און דעם גליק פון אַ קליין הייפעלע באַאַמטע אויף דעם עקאָנאָמישן עלנט פון די, וועלכע האָבן אים פאַרטרויט די פּאָליטישע מאַכט.

שוין אין אָנהייב אָן האָט מען געקאָנט פאָראויסזען, וואָס פאַר אַ פּאָזיציע די נביאים וועלן פאַרנעמען אין דעם אויפקומענדיקן סאָציאַלן קאַמף, — אויף וועמעס זייט די וועלן שטיין, אין אַוואַנגאַרד פון וועלכן געזעלשאַפטלעכן קלאַס זיי וועלן גיין. בעת די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע האָריזאָנטן פון לאַנד האָבן זיך פאַרברייטערט, בעת די געזעלשאַפטלעכע סתירות זיינען געוואַקסן, איז געוואַקסן און האָט זיך פאַרברייטערט אויך דער סאָציאַלער מהות פון די נביאישע אידעען.

ווען שמואל איז אין גאַנצן נאָמען אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן די כהנים פון שילה, איז דעם פרומען זקן עלי קיינזאַך ניט געבליבן, ווי צו בייגן דיין אַלטן קאָפּ פאַרן געטלעכן אורטייל, און דער טעמפּער ניט אַנטוויקלטער מאַסע — צו אָפּוואַרטן און זען, צי וועט דער נביא אויף דער אמתן „טרעפן" דאָס, וואָס דאַרף געשען. איצט האָט דאָס קיניגטום ביי דיין פּאָליטישער מאַכט און גרויסקייט גאָר ניט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז צווישן אים און גאָט זיינען מעגלעך וועלכע ניט איז סתירות, ווייל די מלוכה האָט אונטערטעניק געמאַכט די אמונה צו אירע פּאָליטישע צוועקן, האָט צוגענומען דעם אויטאָריטעט ביי די כהנים, האָט זיי פאַרוואַנדלט אין מלוכה־באַאַמטע און קיניגס־קנעכט, און די טעמפּלען — אין קיניגס־טעמפּלען. פאַרשטומט געוואָרן איז דער אַלטער אָראַקל. דער קיניג האָט געהאַט זיינע אַנדערע אָפיציעלע עצה־געבער. פאָלגן אָבער איז דער קיניג ניט געווען מחויב, אַלץ האָט זיך געווענדט אָן דיין פרייען ווילן, ווייל נאָר ער אַליין איז געווען געזאַלבט מיטן הייליקן בוימאייל, און ווער האָט געקאָנט אויסער אים דערפילן די געטלעכע שליחות?

דער נביא האָט זיך דער ערשטער עמאַנציפּירט פון דער הכנעה פאַר דער פּאָליטישער אויטאָריטעט פון קיניג. דאָס קיניגטום האָט פאַר אים געהאַט דיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג נאָר אויף וויפל עס האָט געשטימט מיט די אינטערעסן פון פאָלק. דאָס פאָלק, וואָס האָט צום ערשטן לויט דיין אייגענעם ווילן אויסגעוויילט דעם קיניג, קאָן אים אין יעדן מאָמענט אַראָפּזעצן פון זיין טראָן און נעמען זיך צוריק די פּאָליטישע מאַכט. דאָס פאָלק איז דער טרעגער פון סוווערעניטעט, און דער נביא איז דער אויסדריקער פון זיינע אינטערעסן, וועלכע דאָס פאָלק האָט אַליין נאָך ניט תופס געווען.

דער עקאָנאָמישער וואָילשטאַנד פון דער מאַסע און די סאָ־

וואָרט. דאָס נביאישע וואָרט בײַט איצט נאָר זײַן כאַראַקטער, ווי יעדער כּלי־זיין, וועלכער ווערט מאָדיפיצירט און אַנטוויקלט אין משך פון דורות פון קאַמף.

די אַלטע נבואה איז געווען אַ נבואה פון ריינעם עקסטאַז. דער כּוח פון דעם נביאס פערזענלעכקייט איז געלעגן דורכאויס אין זיין טעמפעראַמענט. עס האָט אין אים דאָס געטלעכע וואָרט געברענט ווי אַ פייער, געדריקט אויף זיין געמיט, ער איז אומגעגאַנגען צע־הדלט און „גייסטיק משוגע", ביז ער האָט פון זיך ניט אויסגעגאָסן דאָס פלאַמענדיקע וואָרט. ער האָט איבער זיך ניט געקאָנט געוועלטיקן, ער איז געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי זיך אַליין.

די שטאָטישע קולטור און די וועלטלעכע פאָליטיק האָבן גע־לאָזן זייער גרינדלעכע ווירקונג אויף די פאָרמען פון דער נבואה. דער נביא איז עטיש געבליבן הערזועלביקער, פאָליטיש איז ער אָבער איינגעוואַקסן, די אידעען, וועלכע ער האָט פריער תּופס געווען בהוש, דיינען איצט אַריינגעדרונגען אין דער טיף פון זיין פאָליטישן באַ־וואוסטזיין. ווי דער קאַראַוואַנען־האַנדל און די מסחר־נסיעות קיין אופיר האָבן צעבראָכן די ווענט צווישן פאַלעסטינע און דער אַרו־מיקער קולטור־וועלט, אַזוי האָבן אויך די נביאישע אידעען פון לאָקאַלע און צייטיקע, אַלץ מער דערהויבן צו דער מדרגה פון אַלגעמיין־מענטשלעכע, אוניווערסאַלע. די אַרענע פון קאַמף האָט זיך בּיסלעכווייז איבערגעטראָגן פון דעם קליינעם פאַלעסטינע מיט איר באַנקראָטירטן פאָלקס־קיניגטום אויף דער אַרומיקער וועלט בבבל, אויף דעם הערשנדיקן מצריש־אשורישן אימפעריאַליזם.

איצט איז אָבער דער קאַמף אויסגעקומען פיל שווערער. יעדער קריטיק פון סאָציאַלן סדר האָט אַרויסגערופן אַ צערייצונג אין די הערשנדיקע קרייזן פון הער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן געהאַלטן אין זייער האַנט די פירונג און האָבן געקאָנט צווינגען צו שווייגן יעדערן, וואָס האָט נאָר געפרוווט אַרויסטרעטן אַנטקעגן זיי.

## 5. דער פֿאָלקס־אויפֿשטאַנד קעגן דודס דינאַסטיע און די ראָלע פֿון די נביאים.

אין סוף פֿון שלמהס מלוכה־צייט האָט זיך אין דער פֿאָלקס־מאַסע פֿון ירושלים אויפֿגעקליבן אַזוי פֿיל צאָרן און פֿאַרביטערטקייט, אַז דאָס פֿאָלק האָט צום ערשטן מאָל אויף דער אָפֿענער גאַס פֿאַרוואָרפֿן מיט שטיינער דעם שטייער־באַאַמטן אדונירם. דערדאָדיקער פֿאַקט באַווייזט, ווי אין יענער צייט איז שוין צייטיק געוואָרן דער פֿאָלקס־צאָרן, אַז ער האָט זיך געקאָנט אויסדריקן אין דעם געשטאַלט פֿון אַ מאַסן־אָנפֿאַל מצד דעם פֿאָלק אויף אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן מלוכה־באַאַמטן [1]. דערדאָזיקער פּאָליטישער מאָרד האָט געדאַרפֿט דינען פֿאַר אַן אַרויסרוף און פֿאַר אַ התראה דעם קיניג גופֿא, וועלכער האָט אויסגעגעבן אַ באַדייטנדיקן טייל פֿון די פֿאָלקס־שטייערן אויף די באַדערפֿענישן פֿון זיין הויף, און אויף זיינע פֿאַרגעניגנס און פּוץ, וועלכן ער האָט איינגעפֿירט אויפֿן כנעניישן און מצרישן אופֿן.

צי ווייל שלמה האָט געדאַרפֿט זיינע גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער פֿאָלקס־מאַסע, אַלס ציוויליזאַטאָר און קאָלאָניזאַטאָר, אָדער ווייל די באַוועגונג האָט נאָך ניט צייט געהאַט איבערצוואַרפֿן זיך

1) נאָך אין דודס צייטן האָט זיך געפֿירט אַ באַוועגונג קעגן דער דינאַסטיע. אין דער שפּיץ פֿון איר איז געשטאַנען שמעי בן גרא. און אויך צום אבשלום־אויפֿשטאַנד זיינען צוגעשטאַנען פֿיינד פֿון דער דינאַסטיע. די באַוועגונג האָט אָבער לכתחילה געטראָגן אַ מער דינאַסטישן, ווידער עקאָנאָמישן כאַראַקטער און שלמה האָט זי ליקווידירט אין אָנהייב פֿון זיין מלוכה.

ציאַלע גלייכקייט און מעכטיקייט דאַרף זיין דער לאָזונג פון דעם אמתן פאָלקס־קיניגטום. ווען ניט דאַרף עס פאַרניכטעט ווערן, אומ־געבראַכט ווערן פון דער וועלט דורכן צאָרן פון פאָלקס־אויפשטאַנד, און דער הייליקער בוימאייל וועט טריפן אויפן קאָפּ פון דעם, וואָס וועט אַראָפּשליידערן פון טראָן די פאַרדעטער פון פאָלק.

דער נביא האָט נאָך ניט תופס געווען דעם געזעץ פון סאָ־ציאַלער נויטווענדיקייט, וואָס האָט געמוזט מאַכן פון דעם קיניגטום דאָס, וואָס עס איז געווען. ווי משה האָט, לויט דער לעגענדע, געהערט צום פעלך, ער זאָל פון זיך לאָזן רינען וואַסער, אַזוי האָט דער נביא נאָך געפרווט דורך זיינע רייד איבערמאַכן די פּאָליטישער נאַטור פון קיניגטום. אַזוי האָבן די נביאים פון דורך צייט, ווי נתן און גד, געפרווט פאַרבעסערן דאָס קיניגטום דורך זייער פערזענלעכער השפעה אויפן קיניג. און ערשט די צייט האָט געוויזן, אַז די פּאָליטישע רעדעס פון די נביאים דאַרפן זיין גע־ווענדט ניט צו די מלכים נאָר צום פאָלק, וועלכער האָט צו זאָגן זיין אייגן וואָרט אין דער מלוכה־פּאָליטיק.

און ווי משה האָט סוף־כל־סוף געשלאָגן דעם פעלז, ביז ער וועט לאָזן רינען וואַסער פאַרן דאָרשטיקן פאָלק, אַזוי האָט דאָס קיניגטום געדאַרפט געשלאָגן ווערן. דער פאָלקס־אויפשטאַנד האָט געדאַרפט באַשטימען זיין ווייטערדיקן פּאָליטישן גורל.

---

לאַנד, — אין שכנות מיט די ציוויליזירטע פֿיניקיער, האָט זיך פֿריער ווי אַנדערשוואו אַנטוויקלט די השגה פֿון קולטור און פּאָליטישער פֿרייהייט. זייערע באַדערפֿענישן זיינען שוין צו יענער צייט געווען פֿיל העכער, ווי די באַדערפֿענישן פֿון די דרום-בערגער. דורך די קאַראַוואַנען האָבן זיי זיך עקאָנאָמיש פֿאַרבונדן מיט די אַרומיקע לענדער; אין די שטעט האָבן זיך פֿרי געמוזט עפֿענען שפּייכלערס און מאַגאַזינען פֿאַר אויסלענדישע טראַנזיט-סחורות, עס האָבן געמוזט אויסוואַקסן מאַרק-פּלעצער און אין באַשטימטע מאַרק-טעג האָבן זיך די פּויערים פֿון דער תּבֿואה-רייכער געגנט געמוזט אַהערצו־אייפֿקומען, כּדי אויסצובייטן זייערע פּראָדוקטן אויף אויסלענדישע סחורות.

זינט דער פּאָליטישער צענטער פֿון דער פֿאַראייניקטער מלוכה איז אָבער אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ירושלים, וועלכע איז נאָך איר געאָגראַפֿישער לאַגע ווייניק-וואָס פּאַסיק געווען פֿאַר אַ ווירטשאַפֿטלעכן צענטער, האָט די דוד-דינאַסטיע זיך געמיט ווירטשאַפֿטלעך צו דערהייבן זי אויף אַ קינסטלעכן אופֿן, קאָלאָניזירנדיק דאָ האַנטווערקער-צעכן, צוציענדיק אַהער די אויסלענדישע סוחרים און בילדנדיק אין אילת און עציון גבר (אויפֿן רויטן ים) אַ האַפֿן פֿאַר סחורות, וואָס זיינען געווען באַשטימט פֿאַר די לענדער פֿון אינדישן ים.

דאָ איז אויפֿגעזאַמלט געוואָרן אַ גרויסער מלוכה-פֿאַרמעגן, וואָס האָט זיך געבילדעט אַלס רעזולטאַט פֿון די געלונגענע מלחמות און פֿון די פֿאָלקס-אָפּצאָלונגען, דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט פֿון גאַנצן לאַנד מיליטער, אַהערצו זיינען דורכגעלייגט געוואָרן וועגן דורך די שמאָלע טאָלן, דאָ איז אויפֿגעבויט געוואָרן דער בית-המקדש, וועלכער האָט געדאַרפֿט דורך זיין פּראַכט און הייליקייט דערנידערן די באַדייטונג פֿון די הייליקע שטעט אין צפֿון — און דורך אַ ריי קיניגלעכע באַפֿעלן אָוועקגעשטעלט ווערן אין אַ באַזונדער פּריווילעגירטער לאַגע, אַלס קיניגלעכער טעמפּל.

ביי זיין לעבן פון מלוכה־צענטער אין די צפון־פּראָווינצן — האָט זיך קיינמאָל ניט געביטן ביז זיין טויט. אפשר האָט דאָס פאָלק געהלדיק אָפּגעוואַרט דעם טויט פון דעם קיניגלעכן זקן, האָפנדיק, אַז דער כאַראַקטער־שוואַכער יורש פון זיין מלוכה, ר ח ב ע ם, וועט זיין געניגט דורכפירן אין לאַנד באַשטימטע רעפאָרמען און „גרינ־גער מאַכן דעם יאָך פון זייער האַלדז".

די באַוועגונג האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך צעשפּרייט דערהויפּט איבער די שטעט און דערפער פון גליל און איבער די אַרבעטער־קאָלעקטיוון, וואָס האָבן באַזאָרגט די פאַר־שיידענע מלוכה־אַרבעטן. אין די דאָזיקע אַרבעטער־קאָלעקטיוון, וועלכע זיינען מאָביליזירט געוואָרן דורך שלמהן אין די צפון־פּראָווינצן און וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיטן בנין פון נייע פעסטונגען אין ירושלים און מיטן רעמאָנט פון די מויערן פון דער דוד־שטאָט, איז געווען מער ווי אַנדערשוואו גרייט דער באָדן פאַר אַ מלוכה־איפשטאַנד. דאָס האָט געהאַט זיינע טיפע עקאָנאָמישע סיבות: ווייל די דאָזיקע אַרבעטער־קאָלעקטיוון האָבן אויך אַ נאַטירלעכן אופן געדאַרפט באַשטיין דערהויפּט פון יענע גלילישע עלעמענטן, וועלכע זיינען עקאָנאָמיש רואינירט געוואָרן דורך דער צענטראַליסטישער פּאָליטיק פון דער דוד־דינאַסטיע.

וואָס זיינען געווען די סיבות פון דער דאָזיקער צענטראַליסטישער פּאָליטיק, און צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן האָט זי געמוזט ברענגען?

אין גליל, אויפן גרויסן קאַראַוואַנען־וועג פון בבל, אשור, דורכן התים־לאַנד, ארם און פיניקיע, קיין יהודה, אַראַביע און מצרים, איז אויך אַ נאַטירלעכן אופן אויסגעוואַקסן פון פאַרצייטן אַ גאַנצע ריי גרויסע האַנדלס־שטעט, וועלכע זיינען אַלס ווירטשאַפטלעכע צענטרען געוואָרן אויך רעליגיעזע צענטרען. אין די דאָזיקע שטעט, — ווי בית־אל, שכם, שילה, וואָס זיינען געלעגן ביי די ברייטע פרוכט־באַרע טאָלן און ביים גרויסן יזרעאל־טאָל, דעם קאָרן־קאַמער פון

שלמהס רדיפות אַנטקעגן אים, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך אין אָנהייב, איידער היראָדיקע באַוועגונג האָט צייט געהאַט אָנצונעמען קאָנקרעטע פֿאָרמען, האָבן זי אויף אַ צייט פּאַראַליזירט, און ירבעם האָט געמוזט לויפֿן קיין מצרים, כדי דאָרטן אָפּצוּוואַרטן ביז אַ גינסטיקער צייט. דאָס איז געווען דער ערשטער פּאָליטישער עמיגראַנט אין ישראל.

אָבער — אין דאָ קומען מיר צו דעם מאָמענט, וועלכער אינטערעסירט אונז איצט באַזונדער שטאַרק — שוין אין דער ערשטער סטאַדיע פֿון דער באַוועגונג שטעלן זיך די נביאים אין איר שפּיץ, אַלס גייסטיקע אָנפֿירער, אַלס געזעלשאַפֿטלעכע אידעאָלאָגן. נאָך מער — זיי נעמען אין זייער האַנט די איניציאַטיוו, מינטערן אויף דעם פֿאַקטישן אָנפֿירער פֿון דעם אויפֿשטאַנד, זאָגן אים צו גאָטס הילף און גאָטס ברכה, באַטראַכטן אים אַלס דעם געזאַלבטן שליח פֿון גאָט.

דאָס איז אַ היסטאָרישער פֿאַקט פֿון אַזאַ גרויסער קראַפֿט, אַז די שפּעטערדיקע תנ״ך־רעדאַקטאָרן האָבן זי ניט געקאָנט פֿאַרקלענערן און פֿאַרטושן.

דער נביא פֿון דער הערהאָדיקער קריטישער תקופֿה איז געווען א ח י ה פֿ ו ן ש י ל ה. ער איז אַליין געווען אַ בירגער פֿון צפֿון, שילה אין אפֿרים־לאַנד איז זיין היים, און ירבעם איז אים אַ היימישער מענטש נאָך זיין אָפּשטאַמונג. ער האָט במילא דייטלעכער פֿון אַן אַנדערן תּופֿס געווען די עקאָנאָמישע באַדערפֿענישן פֿון זיין היימישן צפֿון און פֿאַרשטאַנען די סתירה צווישן די אינטערעסן פֿון די גלילשע פּויערים און ירושלימער הערשער.

בשעת אַנדערע גלייבן נאָך אין דער מעגלעכקייט פֿון רעפֿאָרמען, וועלכע האָלן אויך אויף להבא מאַכן מעגלעך פֿאַר די צפֿון־שבטים צו בלייבן אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דודס דינאַסטיע, דערגייט ער ביז צו דער לעצטער הנחה: דער צפֿון מוז זיך אָפּ-

דאָס אַליץ האָט געמוזט לאַנגזאַם אונטערגראָבן דעם עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד פון די גלילשע שטעט, אָפּציען פון דאָרטן די קאַראַוואַנען, פאַרטרייבן פון דאָרטן די גרויסע פויערים־מאַסן, ביי וועלכע עס פלעגן זיך דאָ פאַרבינדן זייערע ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן מיט די רעליגיעזע. די ירידה פון האגדל אין די גלילשע שטעט האָט געמוזט ברענגען צו אַ עקאָנאָמישער רואינירונג פון די אָרעמקע פויערים, וועלכע האָבן גיט געהאַט מער וואָס צו טאָן מיט די מותרות פון זייערע תבואות. אָט די רואינירטע פויערים האָט די צענטראַלע מלוכה איצט גרינגער ווי אַנדערע געקאָנט צוציען צו אירע מלוכה־אַרבעטן, צונעמענדיק פאַראיינס ביי די, וואָס זיינען געבליבן אויף די ערטער, דעם באַדייטנדיקן טייל פון זייערע תבואות אלס שטייער אויף אויסצוהאַלטן די אַרמיי און דעם קיניגלעכן הויף.

די אומצופרידנקייט איז במילא געוואַקסן. די האָט, ווי אַ פונק וואָס פאַלט אַריין אין אַ תבואה־שייער, געגליט איבערן גאַנצן צפון, ביז עס האָט זיך ניט געפונען דער מענטש מיט דער געהעריקער דרייסטקייט און אָרגאַניזאַציע־קראַפט, וועלכער האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג און האָט צוגעגרייט דעם פאָלקס־אויפשטאַנד. דאָס איז געווען דער ענערגישער ירבעם בן נבט פון צרדה, אַ בירגער פון אפרים־לאַנד, וועלכער איז געווען אַן אויפזעער איבער די מלוכה־אַרבעטן אין די פעסטונגען פון ירושלים.

די כהנים־רעדאַקטאָרן פון תנ"ך, די טרייע קנעכט פון דער דודישער דינאַסטיע, מאָלן אים אַלס זינדיקן, אַלס טיראַן. די געשיכטע (וואָס איז קול הערט זיך נאָך אין איינצלנע פסוקים־פראַגמענטן) ווייזט אָבער, — וויניקסטנס די ערשטע צייט, פון ירבעם דעם רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געפונען גענוג מוט און גייסטיקע קראַפט אויף אַרויסצוטרעטן קעגן דער לאַסט־פּאָליטיק פון דער דינאַסטיע.

גונג און דערנאָך אויך אין דער שפּיץ פון דער ניי־געגרינדעטער מלוכה. אָבער אין עיקר בלייבט פאַר אונז קלאָר, אַז די נביאים זיינען געווען די אידעאָלאָגן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע האָט שוין ניט געקאָנט דערבעמען דעם לעבן און וועלכע האָט ביי אים אָפּגענומען די הערשאַפט איבער די צפון־שבטים.

און ניט נאָר אחיה, וואָס האָט געשטאַמט אַליין פון צפון, נאָר אויך נביאים פון יהודה־לאַנד, ווי שמעיהו, זיינען געווען אויס־געשפּראָכענע אָנהענגער פון דעם אויפשטאַנד. אמת, אין דער ער־שטער סטאַדיע פון אויפשטאַנד הערן מיר ניט אָפן אין דער געזעלשאַפט שמעיהוס קול. אָבער דאָס באַווייזט נאָר, אַז די נביאים זיינען שוין געווען אין פּאָליטישן חשד אין די אויגן פון דוידס דינאַסטיע, ווייל אויך אחיה האָט ריזיקירט צו אַרויסווייזן קלאָר זיין שטעלונג צו דער באַוועגונג בלויז בשעת ער איז געווען אונטערן שטאָט, אויפן פעלד, אויג אויף אויג מיט ירבעמען; בפרט איז שוין שווערער געווען אַן אָנגעזעענעם ירושלימער נביא צו אַרויס־טרעטן אָפן.

אָבער ווען די פּאָליטישע איבערקערעניש האָט זיך געהאַט פאַר־ענדיקט, און רחבעם האָט געוואָלט מיט דער הילף פון די צוויי דרום־שבטים, יהודה און בנימין, וועלכע זיינען געבליבן טריי דער דינאַסטיע פון דוד, מיטן שווערד אין האַנט רעסטאַווירן די פריער־דיקע פּאָליטישע אָרדענונג, איז אַרויסגעטראָטן שמעיהו מיט זיין אויטאָריטעטיש־קלינגענדיקער שטימע, האָט געוואָרנט דאָס פאָלק אָפּצוהאַלטן זיך פון אַ בירגער־קריג און ניט פרובירן זיך אָפּשאַפן דאָס, וואָס איז געשען לויטן געטלעכן ווילן: „אַזוי האָט גאָט געזאָגט: טרעט ניט אַרויס און פירט ניט קיין מלחמה מיט אייערע ברידער, די איינוואוינער פון ישראל, קערט זיך אום אַהיים, ווייל פון מיר שטאַמט די זאַך".

דייםן פון דרום, האָט לאַנד מוז זיך צעטיילן אויף צוויי פּאָליטיש־אויטאָנאָמע חלקים. דאָס איז דער משפּט פון דער געשיכטע, פון גאָט אַליין; ווי דער נייער בגד אויף ירבעמס לייב ווערט צעריסן דורך דעם נביאס האַנט אויף צוועלף טיילן, אַזוי מוז אויך צעריסן ווערן די מלוכה פון ישראל. די פּאָליטישע מאַכט דאַרף אַריבער־גיין צום צפון, און די דוד־דינאַסטיע, וואָס האָט זיך געבויט אויף דער עקספּלואַטאַציע פון פאָלק, דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מלוכה פון אַ קליינער לאַנד־געגנט אין דרום.

ווי שפּעטער איז יהוא געבענטשט געוואָרן דורך דעם נביא אלישע צום אויפשטאַנד אַנטקעגן דער דינאַסטיע פון עמרי, אַזוי איז איצט ירבעם באַשטימט געוואָרן דורך דעם נביא אחיה אַלס אָנפירער פון אויפשטאַנד אַנטקעגן דער דינאַסטיע פון דוד. די געשיכטע חזרט זיך איבער, די נביאישע אידעען פאַרלירן ניט זייערע באַשטימטע סאָציאַלע טענדענצן.

„אין יענער צייט — דערציילט אונז דער אַלטער כראָניקער — דאָט ירבעם, אַרויסגייענדיק פון ירושלים, געטראָפן אין וועג דעם נביא אחיה פון שילה, און ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ נייעם בגד, וואָס אויף אים, און האָט אים צעריסן אויף צוועלף שטיקער און האָט געזאָגט צו ירבעמען: נעם זיך צען שטיקער, ווייל אַזוי האָט געזאָגט ישראלס גאָט: איך רייס אַרויס די הערשאַפט פון שלמהס האַנט און איך וועל דיר געבן די צען שבטים און נאָר איין שבט וועט בלייבן ביי אים"...

עס בלייבט אָבער פאַר אונז אַן אייביקער סוד, צי האָט דער נביא דערמיט נאָר געגעבן זיין הסכם צו דעם פּאָליטישן אויפשטאַנד, וועלכן עס האָט שוין פריער פאַרטראַכט ירבעם, אָדער צי האָט דעם נביאס אַנטשלאָסענער טריט און זיין גלויבן אין ירבעמס פּאָליטישע פעאיקייטן געגעבן דעם רעוואָלוציאָנער־געשטימטן מאַן דעם מוט צו שטעלן זיך פריער אין דער שפּיץ פון דער באַוועג־

יהונדבֿן, דעם אָנפֿירער פֿון דער סעקטע, און האָט אים געפֿרעגט, ווי מען פֿרעגט אַ פֿאָרשטייער פֿון אַ באַדייטנדיקער געזעלשאַפֿט־לעכער גרופּע, וועגן זיין באַציאונג צו דער פּאָליטישער איבער־קערעניש. און ווען יהונדבֿ האָט אים געגעבן זיין צושטימונג און איבערגעשטרעקט די האַנט, האָט דער זיגרייכער רעוואָלוציאָנער, וועמעס הענט זיינען נאָך געווען באַטריפֿט מיטן בלוט פֿון דער דינאַסטיע, אים אַרויפֿגענומען אויף זיין טריאומף־רייטוואָגן און איז מיט אים אַריינגעפֿאָרן קיין שומרון, וואו ער האָט נאָך פֿאַרענדיקט זיינע טעראָריסטישע מעשים.

ערשט נאָך אַ דויערנדיקער געזעלשאַפֿטלעכער עוואָלוציע און אונטער דער ווירקונג פֿון מעכטיקע פּאָליטישע געשעענישן, מיט וועלכע מיר וועלן זיך נאָך באַקענען אין די נאָענטסטע קאַפּיטלען, האָט די נבֿואה אינגאַנצן צעריסן מיט די ענגע סעקטאַנטישע השגות און זיך דערהויבן צו דער הייך פֿון אַ ראַדיקאַלער פּאָליטישער באַוועגונג, וועלכע איז אַרויס ווייט פֿון איר ענגן פֿאָטער־לאַנד.

---

ווי אַזוי איז פֿאָרגעקומען די עצם מלוכה־שפּאַלטונג? דאָס איז נאָך געווען יענע תּקופֿה אין דער געשיכטע, ווען דאָס קיניגטום האָט זיך נאָך ניט אָפּגעזאָגט למראית־עין פֿון די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס. דאָס קיניגטום איז געווען פֿאָרמעל אַ וואַל־קיניגטום, הגם פּאַקטיש איז דאָס שוין לאַנג געווען אַ ירושה־קיניגטום. די פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך געהאַט צונויפֿצוקלייבן אין דער הייליקער שטאָט שכם, האָט געדאַרפֿט ערקלערן רחבֿעמען פֿאַר אַ קיניג. אין שכם, וואָס ליגט אויפֿן וועג צווישן צפֿון און דרום, וואוהין עס האָבן זיך געקאָנט אויפֿקלייבן די פֿאָלקס־עלטסטע פֿון יהודה און גליל, האָט געדאַרפֿט געלייזט ווערן דער גורל פֿון דער דינאַסטיע. מיט אַן אומרואיקן האַרצן איז דאָס מאָל דער יונגער יורש פֿון טראָן געגאַנגען צו דער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג; עס איז אים געווען קלאָר, אַז דאָס מאָל האַנדלט זיך ניט מער נאָר וועגן דער פֿאָרמעלער באַשטעטיקונג פֿון זיין מלוכה, אַז די אָנהענגער פֿון דעם אויפֿשטאַנד, וואָס איז קינסטלעך איינגעשטילט געוואָרן דורך שלמהן, וועלן אויפֿהויבן אויף דער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג זייער קול קעגן דוחק משפּחה בכלל און קעגן אים בפֿרט.

די אויפֿשטייענדיקע פּאַרטיי האָט באַצייטנס אַרויסגערופֿן צוריק פֿון מצרים דעם פֿריערדיקן אָנפֿירער פֿון אויפֿשטאַנד ירבֿעמען, כּדי ער זאָל איצט אויף דער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג אין שכם אָפֿן אַרויסטרעטן מיט באַשטימטע פֿאָדערונגען.

צי האָבן ירבֿעם און זיין פּאַרטיי ווירקלעך געהאָפֿט צו דערשלאָגן זיך ביי דעם כאַראַקטער־שוואַכן רחבֿעמען גרינדלעכע רעפֿאָרמען, אויף וועלכע עס האָט ניט געקאָנט איינגיין זיין מעכטיקער פֿאָטער, אָדער צי האָט אייגנטלעך דער געשיכטע־שרייבער דערמיט געוואָלט נאָר צוגעבן אַ מער פֿרידלעכן כאַראַקטער די שטורמישע געשעענישן פֿון דערדאָזיקער תּקופֿה, איז שווער צו זאָגן.

אראַבישן מדבר, פלעגט אַרויסרופן ביי זיי, און אויך ביי מואב און עמון, דעם גאַטירלעכן דראַנג קיין צפון איבער דער גרענעץ פון גלעד.

אין מזרח האָט זיך אָבער דער גלעד אַראָפּגעלאָזן צום פלאַכן בירישן מדבר, וואָס האָט אָפּגעטיילט די צענטרען פון אשור, בבל און פרס פון די לענדער, וואָס ביים מיטללענדישן ים. דער גלעד האָט געדינט דעריבער פאַר אַ טראַנזיט־לאַנד פאַר האַנדלס־קאַראַוואַנען, וועלכע פלעגן דאָ אַדורך־שאַפן און דאָ אויפקויפן די רייכע באַלזאַם־פלאַנצונגען און געווירצן, מיט וועלכע דער גלעד האָט געשמט. אין די באַשיצטע באַרגיקע געגנטן האָבן זיך דעריבער פון פאַרצייטן אויסגעבויט שטעט אַלס פונקטן פאַרן קאַראַוואַנען־האַנדל.

די אָקופּאַציע פון גלעד דורך די ישראל־שבטים איז פאַרצייכנט געוואָרן שוין אין דער אַלטער ליטעראַטור, אַלס אַן ערשטיינונג פון גרויסער ווירטשאַפטלעכער באַדייטונג, און דער ערשטער אָפּמאַך, וועלכן די אָקופּאַנטן האָבן געשלאָסן מיט די איבעריקע מאַכן, וואָס האָבן זיך קאָלאָניזירט אויפן אַנדער ברעג ירדן, איז באַשטאַנען אין דעם, אַז זיי זאָלן זיי פאַרטיידיקן אין דער צייט פון געפאַר. פונדעסטוועגן איז דעם גלעד אויסגעקומען אַ לאַנגע צייט פאַרטיידיקן זיינע גרענעצן מיט אייגענע כוחות. שפּעטער, אין בוך פון דער אַזוי גערופענער שופטים־צייט, האָט אַ שענדלעכער אָנפאַל פון נחש, דעם קיניג פון עמון, אויפן גלעד אַרויסגערופן די גלענצנדיקע אַריינמישונג פון די פּאַראייניקטע ישראלשע שבטים אונטער דער אָנפירונג פון שאול.

פון דאַן אָן איז דעם גלעד, וועלכער האָט זיך ווירטשאַפטלעך פאַרבונדן מיטן צענטער פון לאַנד, געשענקט געוואָרן פיל אויפמערקזאַמקייט. פאַרנעמענדיק אַ ריי ערפאָלגרייכע מלחמות אַנטקעגן

## 8. די רדיפֿות אַנטקעגן דער נבֿואה=באַוועגונג. אליהו.
### (800 יאָר פֿאַר דעם קריסטל. חשבון).

אָפּגעזונדערט פֿון גאַנצן לאַנד, פֿאַרשלאָסן צווישן די וואַלדיקע בערג און די ירדן=ברעגן איז געגאַנגען דאָס פּאַסטוכער-לעבן אין גלעד, ווי די פּאָליטישע פֿאַראייניקונג פֿון לאַנד דורך דער דוד=דינאַסטיע, אַזוי אויך איר שפּאַלטונג דורך ירבֿעמען האָט זיך דאָ ווייניק=וואָס אָפּגערופֿן אויפֿן אינעווייניקסטן לעבנס-שטייגער. די באַדערפֿענישן זיינען דאָ, אין דער שכנות פֿון מדבר, געווען דאָס רובֿ נאָך פּרימיטיווע. אויפֿהייבנדיק זיך אין פֿרילינג מיט אירע שאָף אין די בערג, פֿלעגט די פּאַסטוכער=פֿאַמיליע דאָרטן פֿאַרברענגען ביז די הייסע זומער=זון פֿלעגט ניט אויסטריקענען די גראָזן, דאַן פֿלעגט זי זיך אַראָפּלאָזן אין די באַשיצטע טאָלן נעענטער צום ירדן און צו זיינע בײַ=טייכלעך, וואָס פֿליסן אַרויס פֿון די באַרג=קוואַלן.

אָבער פּאָליטיש האָט זיך דער אָפּגעשטאַנענער ישובֿ פֿון גלעד געניטיקט מער פֿון אַנדערע אין שוץ און פֿאַרטיידיקונג. פֿון צפֿון האָט ער זיך געגרעניצט מיט אַרמעאישע פּראָווינצן, אין דרום איז ער געווען נאָענט צו דער עמון=מלוכה, וועלכע האָט פֿון צייט צו צייט געפּרוווט אָקופּירן דעם גלעד. יעדער דרוק פֿון אשור איף דער מזרחדיקער און צפֿונדיקער גרענעץ פֿון דער אַרמעאישער אשור איף דער מזרחדיקער און צפֿונדיקער גרעניץ פֿון דער אַרמעאישער ברייטערן זיך איבער דער דרום=גרענעץ, קיין בשן און גלעד. און אַזוי אויך יעדער דרוק פֿון מצרים איף די פֿעלקער, וואָס ביים

פער קריטיק אַנטקעגן גלעד, אין וועלכע עס ווערט גערעדט וועגן דער פרעמדן־הערשאַפט, וועגן דעם, אַז דער „גלעד איז אָנגעזאַפּט מיט בלוט, אַז ער איז אַ פעסטונג פון אומרעכט־טוער".

---

אין העמהאָוויקן גלעד, דעם לאַנד פון נאַטור־קאָנטראַסטן און באַציַאלע קאָנפליקטן, פון פרימיטיוון פאַסטוכער־לעבן און פון קאַמ־פליצירטע פּאָליטישע גרענעץ־אינטערעסן, איז געוואַקסן און האָט געלעבט דער, וואָס האָט דורך דיראַזיקע סתירות אַרויסגעפירט די גבואה־באַוועגונג פון איר קריזיס, באַפרייט זי פון אירע קאַמ־פּראָמיסן, אויף וועלכע זי איז גרייט געווען צו גיין די ערשטע צייט פון ירבעמס הערשאַפט, און האָט זי אַרויסגעפירט אויפן וועג פון אָפענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

דאָס איז געווען אליהו, דער פיל־באַזונגענער, לעגענדן־רייכער, דער פאַראייביקטער טרעגער פון נביאישן פייער. אויף די פייערדיקע פערד, אויף וועלכע די לעגענדע האָט אים אַרויפ־געזעצט, טראָגט ער זיך פון דור צו דור, אין משך פון טויזנטער יאָרן אַלס דער פאָנען־טרעגער פון משיח־קיניג, אַלס דער, וועמעס שופר־בלאָזן פון שפּיץ כרמל־באַרג דאַרף איבער אַלע לענדער און ימים אָנזאָגן דעם חורבן פון דער אַלטער וועלט, דאָס אָנקומען פון משיחס צייטן, וואו אונטערן שופר־געדייש פון דער יריחו־שלאַכט קראַכן די שטאָט מויערן, וואו ביים יובל־שופר גייען אַרויס פריי די פאַרקויפטע קנעכט.

נאָר אַרום אַ גרויסער פערזענלעכקייט, וואָס עפנט אַ נייע עפּאָכע פון קאַמף, האָט געקאָנט זיך אויפוועבן אַ בלומען־קראַנץ פון אַזעל־כע אומגעווייגלעך־הערהויבענע שיינע לעגענדעס. די לעגענדעס אָבער דערהויבן, און פאַראייגם פאַרווישן זיי דעם היסטאָרישן פרצוף פון באַזונגענעם העלד. אונז אָבער אינטערעסירט דער היסטאָרי־שער אליהו, דער רעוואָלוציאָנער און פּאָליטיקער, ווי ער האָט

אַרם און עמון, האָט די יודישע דינאַסטיע זיך געשטעלט מיט אַ
פֿעסטן פֿוס אין דעמדאָזיקן גרענעץ־לאַנד.

יענע מלחמות האָבן, קאָנטיק, אָבער אויך אַריינגעטראָגן נייע־
שטריכן אין דעם פּרימיטיוון לעבנס־שטייגער פֿון גלעד. בשעת
די דאָזיקע מלחמות זיינען ווי אומעטום די פּאַסטוכער און פּויערים
פֿון דעם מלחמה־געביט פֿאַראָרעמט געוואָרן, און די העכערע מי־
ליטערישע פֿירער צוזאַמען מיט די פֿאַרמעגלעכע אָרטיקע משפּחות
האָבן אַריינבאַקומען גרויסע נחלאות, וואָס זיי האָבן אָדער פֿונאַנ־
דערגעפֿירט יענע אינטענסיווע פֿי־צוכט, מיט וועלכער דער גלעד
האָט זיך שפּעטער אויסגעצייכנט, אָדער זיי האָבן געזייט אין זייערע
פֿעלדער באַלזאַם־פּלאַנצן און געווירצן, וועלכע פֿלעגן אויפֿגעקויפֿט
ווערן דורך די קאַראַוואַנען. עס איז דאָ ווי אומעטום געוואַקסן פֿון
איין זייט די רייכקייט פֿון ווייניקע, און די אָרעמקייט און באָדנ־
לאָזיקייט פֿון דער מאַסע.

צו די אַלגעמיינע סיבות זיינען דאָ צוגעקומען נאָך אָרטיקע,
ספּעציעלע. די באַפֿעלקערונג, וועלכע האָט אין פּראָצעס פֿון עקאָ־
נאָמישער אַנטוויקלונג געוואָלט און געמוזט איבערגיין צו ערד־
אַרבעט, האָט דאָ ניט געפֿונען פֿאַר זיך גענוג ערד, וואָס זאָל
טויגן צו זריעה און האָט געמוזט, — אויף וויפֿל זי האָט ניט געקאָנט
איבערגיין צו אינטענסיווע אַרבעטס־פֿאָרמען, — אָפּרייסן זיך פֿון דער
ערד און ווערן סאָציאַל עלנט.

פֿון צווייטן זייט האָט דער גלעד, אַלס איזאָלירטע געגנט,
קאָנטיק, געדינט פֿון פֿריִע צייטן אָן, אַן אָרט, וואוהין עס פֿלעגן
לויפֿן פֿאַרברעכער פֿון צענטער, און וואוהין די מלוכה פֿלעגט פֿאַר־
שיקן די אומווילִיקע חצרים. — דאָס אַלץ האָט זיך געדאַרפֿט אָפּ־
רופֿן אויפֿן לעבנס־שטייגער פֿון לאַנד.

אונז פֿעלן חדלאים פּרטים. מיר הערן נאָר שפּעטער, אין
דער צייט פֿון די גרויסע נביאים, פֿאַראיינצלטע ווערטער פֿון שאַר־

דער קיניג האָט געוואוסט, אַז די נביאים באַהאַלטן זיך אין די היילן, וואָס אין די בערג און האָבן זייערע געהיימע אָנהענגער, האָט ער פאַרשוואָרן אַלע איינוואוינער פון די שטעט און דערפער, אַז זיי זאָלן אַרויסגעבן אליהון, דראָענדיק מיטן טויט די, וואָס וועלן אים העלפן אויסמיידן די שטראָף.

די נבואה־באַוועגונג האָט אָבער געהאַט אירע געהיימע אָנהענגער אויך אין קיניגלעכן הויף. דער קאָמענדאַנט פון פּאַלאַץ, עובדיה, האָט, ניט געקוקט אויף די הונגער־יאָרן, אויסגעהאַלטן פון די קיניגלעכע שפּייכלערס הונדערט אָנהענגער פון דער נבואה־באַוועגונג, וועלכע ער האָט באַהאַלטן אין צוויי היילן, און האָט די געראַטעוועט פון די הענט פון דער בלוטיקער רעאַקציע, וועלכע איז פאַרשאַרפט געוואָרן דורכן אומגעווייגלעכן הונגער.

עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז עס האָט געפעלט שפּייז פאַר די קיניגלעכע פערד.

„און אחאב האָט געזאָגט צו עובדיהן: גיי איבערן לאַנד, צו אַלע וואַסער־קוואַלן און טייכן, אפשר וועט זיך געפינען גראָז, וועלן מיר אויפהאַלטן דעם לעבן די פערד און מויל־אייזלען. און זיי האָבן זיך צעטיילט צווישן זיך דאָס לאַנד אויף דורכצוגיין. אחאב איז געגאַנגען אין איין וועג אַליין און עובדיה איז געגאַנגען אין צווייטן וועג אַליין".

„עובדיה איז געווען אין וועג, ערשט עס קומט אים אָן אַנטקעגן אליהו. ער האָט אים דערקאָנט און איז געפאַלן אויפן פּנים און האָט געזאָגט: ביסטו עס מיין האַר אליהו? און יענער האָט אים געענטפערט: „איך! גיי זאָג דיין האַר: אָט איז אליהו! האָט ער געזאָגט: מיט וואָס האָב איך געזינדיקט, וואָס דו גיסט איבער דיין קנעכט אין אחאבס האַנט, ער זאָל מיך 1) טויטן.

1) אַנשטאָט „מיך" דאַרף מען לייענען דיך. דער טרייער אָנהענגער פון דער נבואה קאָן ניט אַרויסריידן פון זיין מויל וועגן דער טויט־געפאַר פאַר דעם נביא.

געלעבט אין אחאבס צייטן, אין די טעג פון דעספאָטיזם און פּאָליטישן טעראָר.

דער שווערד פון אחאב איז געווען רייך אָנגעזאַפּט מיט נביאישן בלוט. דאָס קיניגטום האָט זיך גענומען אָפּרעכענען מיט די נביאים, וועלכע האָבן איצט שאַרף געביטן זייער באַציאונג צו אים. הערצו האָט אַן אַקטיווע ראָל אין די רדיפות אויף די נביאים געשפּילט די קיניגין איזבל, די טאָכטער פון פיניקישן קיניג אתבעל, וועלכע האָט געוויס פאַרשטאַנען, אַז דער נצחון פון די נביאישע אידעען וואָלט באַטייט ניט נאָר דעם אונטערגאַנג פון אחאבס דינאַסטיע, נאָר אויך דעם סוף פון דער פיניקישער השפעה אין לאַנד, — דער השפעה, וועלכע האָט זיך אייגנטלעך סימבאָליזירט דורך איר פאַרבינדונג מיטן ישראלשן קיניג.

דער פּאָליטישער טעראָר כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד. אַ גאַנצע נעץ פון קיניגלעכע שפּיאָנען און הענקער לויערן איבער די שטעט און דערפער, כדי אויסצוזוכן די אָנהענגער פון דער נביאישער באַוועגונג און אומצוברענגען זיי פון דער וועלט.

באַזונדערס האָט דער קיניג ניט געקאָנט רוען, זינט עס האָט זיך געוויזן אין לאַנד דער גרויסער נביא פון גלעד מיטן האָריקן מאַנטל און פעלענעם גאַרטל, וואָס האָט מיט זיין אויסזען און מיט זיינע שאַרפע רייד, אָנגעוואָרפן אַ שוידער אויף די איינוואוינער פון שומרונס פּאַלאַצן.

די פריערדיקע נביאים האָבן זיך נאָך צום טייל געוואַקלט אַרויסצוטרעטן אָפן אַנטקעגן דער דינאַסטיע. געפערלעכער פון זיי אַלעמען איז געווען דער קאַטעגאָרישער און שטרענגער אליהו, וועלכער איז ניט געגאַנגען אויף קיין קאָמפּראָמיסן מיט זיינע פּאָליטישע קעגנער.

דער קיניג האָט אין בלוט פאַרטרונקען די נביאישע באַוועגונג. אליהו האָט אָבער אויסגעמיטן זיין האַנט.

דער קיניג, וועלכער איז אויך געווען דערבײַ, איז געבליבן אומבאַרירט דורכן פֿאָלקס-צאָרן; צעמישט האָט ער געלאָזט יאָגן זײַן רײַטוואָגן קיין יזרעאל, צו ראַטעווען זיך פֿון דער נבֿיאישער נקמה און איז אַרײַן אין די שטאָט-טויערן צוזאַמען מיטן טריאומפֿירנ-דיקן נבֿיא, וועלכער האָט זיך אין רעגן, ווי אַ ליב, געטראָגן אי-בערן יזרעאל-טאָל.

אַזוי האָט אליהו אָפּגערעכנט זיך פֿאַר פֿאַרגאָסענעם בלוט פֿון די נבֿיאים, האָט איבערגעריסן דעם פּאָליטישן טעראָר דורך זײַן קעגן-טעראָר און האָט וויניקסטנס אַ טייל פֿון פֿאָלק, וואָס האָט זיך געוואַקלט צווישן דעספּאָטיזם און צווישן דער נבֿואה, צווישן בעל און צווישן יהוה, אַרויסגעפֿירט אויף אַ קלאָרן וועג. דער פּאָליטישער רעאַקציע איז געגעבן געוואָרן אַן ערנסטער שלאָג.

דאָס איז אָבער געווען נאָר אַן אָנהייב. אחאָב האָט זיך אויף אײַן אויגנבליק צעמישט. אָבער די דעספּאָטישע איזבל און די הויף-לײַט האָבן אים אונטערגעהאַלטן און ער איז מיט מער קראַפֿט און צאָרן אַרויסגעטראָטן איצט אַנטקעגן אליהון, וועלכער האָט איצט געמוזט לויפֿן קיין יהודה, וואו אים איז אויסגעקומען צו לײַדן הונגער און נויט און וואו זײַן שטורמישער גײַסט האָט ניט געפֿונען קיין רו, ביז ער האָט זיך ניט באַשלאָסן אומקערן זיך צוריק קיין יזרעאל און ווײַטער אַרויסצוטרעטן עפֿנטלעך אַנטקעגן דעם קיניג.

דער באַשלוס איז בײַ אים צײַטיק געוואָרן אין יענע שטילע נעכט, וועלכע ער האָט, אַ פֿאַרשמאַכטער פֿון הונגער און וואַנ-דערונג, פֿאַרבראַכט אין מדבר, אין אַ הייל, בײַם געטלעכן באַרג חורבֿ, וואו עס איז דאָ צײַטיק געוואָרן פֿאַרצײַטן די ערשטע לע-גענדן-רײַכע געזעצגעבונג פֿון משה.

עס זײַנען געווען מינוטן, ווען עס האָט אים דײַן לעבן דער-עסן. ער איז געבליבן דער אײנציקער נבֿיא אין ישׂראל-לאַנד נאָך

ביים לעבעדיקן יהוה דיין גאט, — עס איז ניטא קיין פאלק אין לאנד, וואוהין עס האט ניט געשיקט מיין האר דיך דארטן צו זוכן און מען האט אלין געענטפערט — ניטא. און ער האט פארשווארן דאס לאנד און דאס פאלק, אז ער וועט דיך געפינען.... און דו ווייסט דאך, וואס איך האב געטאן, בשעת איזבל האט אויסגעהרגעט יהוהס נביאים, ווי איך האב באהאלטן הונדערט מאן פון יהוהס נביאים אין א הייל און זיי געשפייזט מיט ברויט און וואסער; און איצט זאגסטו מיר: גיי און זאג דיין האר: אט איז אליהו. ער וועט מיך 1) דאך טויטן".

„אבער אליהו האט געזאגט: ביים לעבעדיקן יהוה-צבאות, וועלכן איך האב געדינט, אז היינט וועל איך זיך אים ווייזן".

און עובדיה איז אוועק אנטקעגן אחאבן און האט אים דערציילט. איז אחאב אוועק אנטקעגן אליהון".

„און ווען אחאב האט דערזען אליהון, האט ער צו אים געזאגט: ביסטו דאס דער באשווינדלער פון ישראל?! אבער יענער האט געענטפערט: ניט איך האב באשווינדלט ישראל, נאר דו"!...

און ער איז געקומען צום כרמל-בארג, האט איינגעקליבן דאס פאלק און האט גערעדט פאר אים, און האט דיסקרעטידירט פארן פאלק די בעלס-„נביאים", די טרייע דינער פון דעם דעספאטישן קיניג. און ווען ער האט דערפילט, אז די מאסע איז אויף זיין זייט, האט ער געגעבן א צייכן זיינע געהיימע אנהענגער און זיי זיינען באפאלן די בעלס-„נביאים" און האבן אויסגעשאכטן פיר הונדערט און פופציק מאן.

און אויבן הימל, וועלכער האט ניט געהאט אין יענעם הונגער-יאר לאנגע חדשים, אזוי אז דאס גראז איז אומעטום פארברענט געווארן, האט זיך, לויט דער לעגענדע, פלוצלונג באוויזן א וואלקן, און א גוס-רעגן האט אראפגעשווענקט דאס בלוט פון די פאלקס-פארפירער.

רעוואָלוציאָנערער גייסט. און ווען אליהו איז געגאַנגען צוריק קיין יזרעאל, האָט ער זיך צו אים באַהעפֿט.

„ער איז פֿון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען און האָט געפֿונען אלישע בן שפֿט ביים אַקערן. צוועלף פּאָר אָקסן גייען פֿאַר אים און ער איז ביים צוועלפֿטן פּאָר. האָט ער אַוואָרף געטאָן צו אים זיין קלייד. האָט יענער פֿאַרלאָזן די אָקסן און איז געלאָפֿן נאָך אליהון, און האָט געזאָגט: „איך וועל זיך נאָר צעקושן מיט פֿאָטער און מוטער און וועל גיין נאָך דיר". האָט ער צו אים געזאָגט: גיי אין קער דיך אום, וואָס האָב איך דען דיר געטאָן?!" האָט יענער זיך פֿון אים אָפּגעקערט, האָט גענומען די אָקסן-פּאָר און האָט זיי געשאָכטן און אויפֿן אָקסן-געשפּאַן האָט ער אָפּגעקאָכט דאָס פֿלייש, האָט געגעבן דעם פֿאָלק און זיי האָבן געגעסן. און ער איז אויפֿגעשטאַנען און איז אַוועק נאָך אליהון און האָט אים באַדינט".

איצט איז ער שוין ניט געווען מער איינזאַם, איצט האָט ער געקאָנט וואַרפֿן זיין בליק אויף דער צוקונפֿט. מיט אים איז געווען אלישע, זיין גייסטיקער יורש. ער איז געגאַנגען קיין יזרעאל, אַרויסצוטרעטן צום לעצטן מאָל אָפֿן אַנטקעגן דער דינאַסטיע.

גאַנץ גיך האָט זיך אים געטראָפֿן אויך אַ פּאַסיקער מאָמענט:

ניט ווייט פֿון אחאבס פּאַלאַץ אין יזרעאל איז געווען אַ וויינגאָרטן, וואָס האָט געהערט צו אַ ישׂראלישן בירגער נבֿות. האָט אחאבֿ זיך פֿאַרגלוסט דער וויינגאָרטן, און ער האָט צו אים געזאָגט: „גיב מיר דיין וויינגאָרטן און ער וועט מיר זיין פֿאַר אַ גרינס-גאָרטן, וויל ער איז נאָענט צו מיין הויז. איך וועל דיר געבן אָנשטאָט אים אַ בעסערן וויינגאָרטן, און אויב דו ווילסט, וועל איך דיר געבן געלט, וויפֿל ער איז ווערט". נבֿות האָט אים אָבער געענטפֿערט: „באַהיט גאָט, איך זאָל דיר אָפּגעבן די ירושה פֿון מיינע עלטערן"!

די בלוטיקע טעג פֿון טעראָר, ער איז געווען הונגעריק און מיד און אויף יעדן טריט האָט אים נאָכגעלויערט די שווערד פֿון גע־הונגענע מערדער. ער האָט אויף זיך געבעטן דעם טויט. נאָר דער באַוואוסטזיין פֿון דער ניט־פֿאַרענדיקטער אויפֿגאַבע האָט אים געגעבן כּוח צו ליידן און צו קעמפֿן. אַ בילד פֿון דער מדבר־נאַטור האָט אים געדינט אַלס סימבאָל, אַלס ביישפּיל.

„גיי אַרויס און שטעל זיך אויפֿן באַרג פֿאַר יהוה. און גייט יהוה פֿאַרביי, און אַ גרויסער מעכטיקער ווינט גייט פֿאַר אים, וואָס שמעטערט בערג און ברעכט פֿעלזן — ניט אין ווינט איז יהוה. און נאָכן ווינט — אַ שטורעם. ניט אין שטורעם איז יהוה. נאָכן שטורעם — אַ פֿייער. ניט אין פֿייער איז יהוה. און נאָכן פֿייער — אַ פֿולשטענדיקע שטילקייט. און אליהו האָט זיך איינגעהערט, האָט זיך איינגעוויקלט אין זיין קלייד און זיך געשטעלט ביים אַריינ־גאַנג אין הייל. ערשט אַ קול רופֿט צו אים: וואָס האָסטו דאָ צו טאָן, אליהו?! גיי און קער זיך אום אין חיין וועג, און זאַלב הזאלן פֿאַר אַ קיניג אין ארם, יהוא בן נמשי פֿאַר אַ קיניג איבער ישראל און אלישע בן שפֿט פֿאַר אַ נביא אויף דיין אָרט".

אין שטילע, אויסגערעכנטע, ראַדיקאַלע פּאָליטישע טריט האָט ער געפֿונען דעם שליסל צו דער צוקונפֿט. ער האָט ניט גע־טאָרט אַראָפּ פֿון סצענע ניט ליקווידירנדיק די הערשאַפֿט פֿון דער עמרישער דינאַסטיע, ניט איבערגעבנדיק דעם פֿייער פֿון זיין רע־וואָלוציאָנערן גייסט דעם, וועמען עס וועט אויסקומען צעגיסן אים ווייטער אין מעכטיקע שטראָמען איבערן פֿאַרקנעכטעטן לאַנד און צוגרייטן דעם באָדן פֿאַר די גרויסע פּאָליטישע נביאים, וואָס וועלן קומען נאָך אים.

אלישע האָט געדאַרפֿט ווערן דער אידעאָלאָגישער יורש פֿון אליהו. אין דער שטיל פֿון דער פּויערשער סביבה, אויפֿן היימישן פֿעלד פֿון זיין פֿאָטער, אין דעם גלילישן דאָרף איז געוואַקסן זיין

דאָס איז געווען, קאָנטיק, אליהוס לעצטער אַרויסטרעטן אין יזרעאל.

דער געשיכטע־שרייבער, וועלכער איז בכלל דורכגעדרונגען מיטן נביאישן גייסט, מיידט אומעטום אויס צו דערציילן אונדז וועגן דעם טויט פון די איינצלנע נביאים. דעם נביאים טויט דאָס איז זיין ירידה, די אויסלעשונג פון געטלעכן פונק, וואָס אין אים. שטיל גייען זיי אַראָפּ פון דער געזעלשאַפטלעכער סצענע נאָך יאָרן פון קאַמף. נביאים גייען אַוועק, די נביאישע באַוועגונג גייט ווייטער.

נאָך איין אליהו, דעם נביא פון שטורעם און דראַנג, האָט די נביאישע לעגענדע פאַר קיין פאַל זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן מיט אָפּגעבלאַסטע שטומע ליפּן, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט. שפּאַלטנדיק דעם ירדן מיט זיין נביאישן קלייד און אַריבערגייענדיק אויפן היימישן ברעג, וואו עס דערהייבט זיך דאָס גלעדישע הויכלאַנד, האָט ער זיך אויף פייערדיקע פערד און אין אַ פייערדיקן רייטוואָגן אויפגעהויבן פון דער ערד, און לעבט אייביק אין דער פאָרשטעלונג פון פאָלק, זיין וועג איז געבליבן ניט פאַרענדיקט, ער איז דער נביא פון אַלע דורות.

נאָך אים האָט אלישע בן שפט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער נבואה־באַוועגונג. ביים ירדן, וואו ער האָט זיך געזעגנט מיט אליהו, זיינען מיט אים שוין געווען פופציק יונגט־נביאים, צווישן זיי אפשר אויך ער, וועלכער איז געווען באַשטימט צו אויסראָטן די דינאַסטיע פון עמרי — יהוא בן נמשי.

אלישע איז געווען אליהוס אידעאָלאָגישער יורש. אָבער זיין טעמפּעראַמענט איז געווען אַ פּיל רואיקערער און געשטעלטער. די צייט פון פּאָליטישן טעראָר איז שוין אַריבער. ביי גינסטיקערע באַציאונגען האָבן די נביאים געקאָנט פירן זייער טעטיקייט, וועלכע האָט אַלץ מער באַקומען אַ ריין פּאָליטישן כאַראַקטער.

דער כאַראַקטער-שוואַכער אחאב איז געוואָרן אומעטיק און איז אַריינגעפאַלן אין אַ שלעכטער שטימונג. נאָך דאָ האָט אים אַרויסגעהאָלפן די גרויזאַמע און פאַלשע איזבל. זי האָט צו אים געזאָגט: „אַזוי ווערסטו זיך מאַכן איצט אַ הערשאַפט איבער ישראל?! גיי, עס דיין ברויט און לאָז דיך וואויל גיין, איך וועל דיר געבן נבותס ווייַנגאָרטן".

און זי האָט פונאַנדערגעשיקט בריוו די קיניגלעכע באַאַמטע און ריכטער, האָט באַפוילן באַשטימען אַ פאָלקס-תענית, אויפרופן אַ פאַרזאַמלונג און אַוועקזעצן נבותן אויבן-אָן. און זי האָט געדונגען פאַלשע עדות, וואָס זיינען געקומען פאַר דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג און האָבן עדות-געזאָגט, אַז נבות האָט געשאָלטן גאָט און דעם קיניג. און מען האָט אים פאַרמשפט צום טויט און אַרויסגעפירט הינטערן שטאָט און פאַרוואָרפן מיט שטיינער.

ווען מען האָט איזבלן אָנגעזאָגט, אַז נבות איז שוין פאַרשטיינט געוואָרן, האָט זי געזאָגט צו אחאבן: „איצט גיי ירשן נבותס ווייַנגאָרטן, וועלכן ער האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן פאַר געלט, ווייל נבות לעבט שוין מער ניט. ער איז געשטאָרבן".

דער שוואַכזיניקער אחאב, באַהאַלטנדיק זיך הינטער זיין העמ-באָמפּישער פרוי, איז אַוועק אין נבותס ווייַנגאָרטן, אָבער דאָ צווישן די ווייַנשטאָקן, האָט זיך פאַרן קיניגלעכן טיגעניכטס, וואָס קויפט זיך באַקוועמלעכקייטן פאַרן פרייז פון מענטשלעכע בלוט, געוויזן דער רעוואָלוציאָנער פון גלעד און האָט געזאָגט: „דו האָסט באַגאַנגען אַ מערדערײַ און דו ווילסט נאָך ירשענען?! אַזוי האָט געזאָגט יהוה: אין דעם אָרט, וואו די הינט האָבן געלעקט נבותס בלוט, וועלן די לעקן אויך דיין בלוט... און איך איזבלן וועלן עסן די הינט אין פאַלאַץ פון יזרעאל. ווער עס וועט שטאַרבן ביי אחאבן אין שטאָט, וועלן אים עסן די הינט און ווער עס וועט שטאַרבן אין פעלד, וועלן אים עסן די פייגלען פון הימל"....

## 9. דער אָנגריף פון אַשורישן אימפּעריאַליזם. די גרויסע פּאָליטישע נביאים.

וואָס מער עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אויפשטאַנדן אַנט־קעגן דעם אשורישן אימפּעריאַליזם אין דרום, אין בבל און אין פרס, אַלץ שטאַרקער האָט ער געפּרווּט אַרויסטאָן זיין יאָך אויף די מערב־לענדער, אויף קליין־אַזיע, אויף ארם און אויף פיניקיע. וואָס שווערער עס איז אים געוואָרן דער צוטריט צום פערסישן ים, אַלץ ענערגישער האָט ער געזוכט צו שטעלן זיך פעסט אויפן ברעג־לאַנד פון מיטללענדישן ים. אין דער צייט פון יואש און ירבעם דעם צווייטן האָט שוין דער אשורישער אימפּעריאַליזם גיט באַנוגנט זיך מיט פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלן אויף די קולטור־לענדער פון סוריא און קליין־אַזיע. תגלת־פלאסר דער דריטער (דער בבלישער פול) האָט זיך פּאַקטיש אונטערטעניק געמאַכט די דאָזיקע לענדער, (738 פאַרן קריסטלעכן צייט־חשבון), הגם ער האָט ביי זיי פאָרמעל נאָך ניט צוגענומען דעם לעצטן שיין פון פּאָליטישער זעלב־שטענדיקייט. דאָס ישראל־לאַנד האָט, קאָנטיק, דערווייל געליטן פון אשור ווייניקער פון אַנדערע לענדער; תגלת־פלאסר האָט זיך דערווייל באַנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך דורכגעשלאָגן צום ים אין ארפּה און אין פיניקיע, אָבער ישראל האָט געמוזט שוין איבערלעבן אַ שווערן ווירטשאַפטלעכן קריזיס, ווייל ער איז גע־שטאַנען אין ענגע עקאָנאָמישע באַציאונגען צו דיינע צפונדיקע שכנים.

אַחוץ דעם איז געווען קלאָר פאַר יעדן רעאַלן פּאָליטיקער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט אַשור פאַרנעמען דעם גאַנצן ברעג

אלישע פֿאַרנעמט זיך שוין פּראַקטיש מיט פֿראַגן פֿון אינ־טערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. און הערצויגן אין אליהוס שול, אופֿ־געהויבן דורך אים אין די הויכענישן פֿון רעוואָלוציאָנערן גייסט, איז ער געוואָרן דער ווירקלעכער פֿאָטער פֿון דער פּאָליטישער נבֿואה.

---

יהונדבֿן, דעם אָנפֿירער פֿון דער סעקטע, און האָט אים געפֿרעגט, ווי מען פֿרעגט אַ פֿאָרשטייער פֿון אַ באַדײַטנדיקער געזעלשאַפֿט־לעכער גרופּע, וועגן זײַן באַציאונג צו דער פּאָליטישער איבער־קערעניש. און ווען יהונדבֿ האָט אים געגעבן זײַן צושטימונג און אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט דער זיגרײַכער רעוואָלוציאָנער, וועמעס הענט זײַנען נאָך געווען באַטריפֿט מיטן בלוט פֿון דער דינאַסטיע, אים אַרײַנגענומען אויף זײַן טריאומף־רײַטוואָגן און איז מיט אים אַרײַנגעפֿאָרן קיין שומרון, וואו ער האָט נאָך פֿאַרענדיקט זײַנע טעראָריסטישע מעשׂים.

ערשט נאָך אַ דויערנדיקער געזעלשאַפֿטלעכער עוואָלוציע און אונטער דער ווירקונג פֿון מעכטיקע פּאָליטישע געשעענישן, מיט וועלכע מיר וועלן זיך נאָך באַקענען אין די נאָענטסטע קאַפּיטלען, האָט די נבֿואה אײַנגאַנצן צעריסן מיט די ענגע סעקטאַנטישע השגות און זיך דערהויבן צו דער הייך פֿון אַ ראַדיקאַלער פּאָליטישער באַ־וועגונג, וועלכע איז אַרויס ווייט פֿון תחום פֿון איר ענגן פֿאָטער־לאַנד.

---

פון מיטללענדישן ים, אז זיינע חילות וועלן זיך פון חרמון און לבנון אראפלאזן אין דעם פרוכטבארן גליל און הערגיין שפעטער אפשר דורך די אפרים-בערג קיין יהודה־לאנד ביז צו עזה.

איצט איז פאר די נביאים קלאר געווארן, אז די ישראלשע געזעלשאפט, וועלכע איז דעמאראליזירט דורכן לוקסוס און פוילקייט פון די רייכע, דורך דער עלנט און קנעכטשאפט פון די ארעמע, איז ניט מסוגל אויסצוהאלטן דעם אשורישן אנגריף, בפרט אז דער בירגער-קריג מיט יהודה האט די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט, און די מיליטערישע פארטיי און די כהנים פון די הייליקע שטעט האבן העמדראזיקן קאנפליקט מיט יהודה קינסטלעך פונאנדערגעבלאזן.

אבער דער ערפאלג פון אימפעריאליזם דערקלערט זיך דאך איינגנטלעך דורך דעם, וואס די קליינע מלוכות זיינען ניט נאר פאראייניקט צוזאמען, כדי מיט שותפישע כוחות זיך צו פארטיידיקן אנטקעגן דעם אנפאל פון אויסן, נאר יעדער קליינע מלוכה ווערט אינעווייניק צעריסן און אפגעשוואכט דורך דעם אומגערעכטן געזעלשאפטלעכן סדר, דורך די טיפע געזעלשאפטלעכע סתירות צווישן די הערשער און פאלק.

די סאציאלע אומגערעכטיקייט און אומגלייכקייט איז, משמעות, אן אלגעמיינע ערשיינונג פון אלע פעלקער, אן אלגעמיינע קללה. די האט געעפנט אומעטום דעם פאליטישן פראנט פארן אימפעריאליזם, זי האט עס געמאכט, אז „קיין פייגל זאל ניט פונאנדערשפרייטן זיינע פליגלען, זאל ניט עפענען קיין מויל און שרייען“, אז אלע זאלן אן ווידערשטאנד זיך אונטערגעבן זיינע חילות.

און ניט נאר אן ווידערשטאנד אליין. דער אינסטינקט פון פאליטישער צופאסונג רופט ארויס ביי די הערשנדיקע קלאסן אין יעדן לאנד די אפענע נייגונג צו דער אשורישער קולטור און צום אשורישן קולט. מיטן פאליטישן נצחון פון אשור וויגט דער

אַראַבישן מדבר, פֿלעגט אַרויסרופֿן בײַ זיי, און אויך בײַ מואָב און עמון, דעם נאַטירלעכן דראַנג קיין צפֿון איבער דער גרענעץ פֿון גלעד.

אין מזרח האָט זיך אָבער דער גלעד אַראָפּגעלאָזן צום פֿלאַכן סירישן מדבר, וואָס האָט אָפּגעטיילט די צענטרען פֿון אשור, בבל און פּרס פֿון די לענדער, וואָס בײַם מיטללענדישן ים. דער גלעד האָט געדינט דעריבער פֿאַר אַ טראַנזיט־לאַנד פֿאַר האַנדלס־קאַראַוואַנען, וועלכע פֿלעגן דאָ אַהין שאַף און וואָל אויפֿקויפֿן די רײַכע באַלזאַם־פֿלאַנצונגען און געווירצן, מיט וועלכע דער גלעד האָט געשמט. אין די באַשיצטע באַרגיקע געגנטן האָבן זיך דעריבער פֿון פֿאַרצײַטן אויסגעבויט שטעט אַלס פּונקטן פֿאַרן קאַראַוואַנען־האַנדל.

די אָקופּאַציע פֿון גלעד דורך די ישׂראל־שבֿטים איז פֿאַררעכנט געוואָרן שוין אין דער אַלטער ליטעראַטור, אַלס אַן ערשײַנונג פֿון גרויסער ווירטשאַפֿטלעכער באַדײַטונג, און דער ערשטער אָפּמאַך, וועלכן די אָקופּאַנטן האָבן געשלאָסן מיט די איבעריקע מאַכן, וואָס האָבן זיך קאָלאָניזירט אויפֿן אַנדער ברעג ירדן, איז באַשטאַנען אין דעם, אַז זיי זאָלן זיי פֿאַרטיידיקן אין דער צײַט פֿון געפֿאַר. פֿונדעסטוועגן איז דעם גלעד אויסגעקומען אַ לאַנגע צײַט פֿאַרטיידיקן זײַנע גרענעצן מיט אייגענע כּוחות. שפּעטער, אין סוף פֿון דער אַזוי גערופֿענער שופֿטים־צײַט, האָט אַ שענדלעכער אָנפֿאַל פֿון נחש, דעם קיניג פֿון עמון, אויפֿן גלעד אַרויסגערופֿן די גלענצנדיקע אַרײַנמישונג פֿון די פֿאַראייניקטע ישׂראלשע שבֿטים אונטער דער אָנפֿירונג פֿון שאול.

פֿון דאַן אָן איז דעם גלעד, וועלכער האָט זיך ווירטשאַפֿטלעך פֿאַרבונדן מיטן צענטער פֿון לאַנד, געשענקט געוואָרן פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט. פֿאַרנעמענדיק אַ ריי ערפֿאָלגרײַכע מלחמות אַנטקעגן

## 8. די רדיפֿות אַנטקעגן דער נבֿואה=באַוועגונג. אליהו.
### (800 יאָר פֿאַר דעם קריסטל. חשבון).

אָפּגעזונדערט פֿון גאַנצן לאַנד, פֿאַרשלאָסן צווישן די וואַלדיקע בערג און די ירדן=ברעגן איז געגאַנגען דאָס פּאַסטוכער־לעבן אין גלעד, ווי די פּאָליטישע פֿאַראייניקונג פֿון לאַנד דורך דער דוד=דינאַסטיע, אַזוי אויך איר שפּאַלטונג דורך ירבֿעמען האָט זיך דאָ ווייניק=וואָס אָפּגערופֿן אויפֿן איינגעווייניקסטן לעבנס=שטייגער. די באַדערפֿענישן זייגען דאָ, אין דער שכנות פֿון מדבר, געווען דאָס רובֿ נאָך פּרימיטיווע. אויפֿהייבנדיק זיך אין פֿרילינג מיט אירע שאָף אין די בערג, פֿלעגט די פּאַסטוכער=פֿאַמיליע דאָרטן פֿאַרברענגען ביז די הייסע זומער=זון פֿלעגט ניט אויסטריקענען די גראָזן, דאַן פֿלעגט זי זיך אַראָפּלאָזן אין די באַשיצטע טאָלן נעענטער צום ירדן און צו זיינע ביי=טייכלעך, וואָס פֿליסן אַרויס פֿון די באַרג=קוואַלן.

אָבער פּאָליטיש האָט זיך דער אָפּגעשטאַנענער ישובֿ פֿון גלעד געגיטיקט מער פֿון אַנדערע אין שוץ און פֿאַרטיידיקונג. פֿון צפֿון האָט ער זיך געגרעניצט מיט אַרמעאישע פּראָווינצן, אין דרום איז ער געווען נאָענט צו דער עמון=מלוכה, וועלכע האָט פֿון צייט צו צייט געפּרוווט אָקופּירן דעם גלעד. יעדער דרוק פֿון אשור אויף דער מזרחדיקער און צפֿונדיקער גרענעץ פֿון דער אַרמעאישער
אשור אויף דער מזרחדיקער און צפֿונדיקער גרעניץ פֿון דער אַרמעאישער
בריטערן זיך איבער דער דרום=גרענעץ, קיין בשן און גלעד. און אַזוי אויך יעדער דרוק פֿון מצרים אויף די פֿעלקער, וואָס ביים

פער קריטיק אַנטקעגן גלעד, אין וועלכע עס ווערט גערעדט וועגן דער פרעמדן-הערשאַפט, וועגן דעם, אַז דער „גלעד איז אָנגעזאַפּט מיט בלוט, אַז ער איז אַ פעסטונג פון אומרעכט-טוער".

---

אין דעמדאָזיקן גלעד, דעם לאַנד פון נאַטור-קאָנטראַסטן און סאָציאַלע קאָנפליקטן, פון פרימיטיוון פאַסטוכער-לעבן און פון קאָמפּליצירטע פּאָליטישע גרענעץ-אינטערעסן, איז געוואַקסן און האָט געלעבט דער, וואָס האָט דורך דיזאָזיקע סתירות אַרויסגעפירט די גבורה-באַוועגונג פון איר קריזיס, באַפרייט זי פון אירע קאָמפּראָמיסן, אויף וועלכע זי איז גרייט געווען צו גיין די ערשטע צייט פון ירבעמס הערשאַפט, און האָט זי אַרויסגעפירט אויפן וועג פון אָפענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

דאָס איז געווען אליהו, דער פיל-באַזונגענער, לעגענדן-רייכער, דער פאַראייביקטער טרעגער פון נביאישן פייער. אויף די פייערדיקע פערד, אויף וועלכע די לעגענדע האָט אים אַרויפגעזעצט, טראָגט ער זיך פון דור צו דור, אין משך פון טויזנטער יאָרן אַלס דער פאָנען-טרעגער פון משיח-קיניג, אַלס דער, וועמעס שופר-בלאָזן פון שפּיץ כרמל-באַרג דאַרף איבער אַלע לענדער און ימים אָנזאָגן דעם חורבן פון דער אַלטער וועלט, דאָס אָנקומען פון משיחס צייטן, וואו אונטערן שופר-גערויש פון דער יריחו-שלאַכט קראַכן די שטאָט מויערן, וואו ביים יובל-שופר גייען אַרויס פריי די פאַרקויפטע קנעכט.

נאָר אַרום אַ גרויסער פערזענלעכקייט, וואָס עפנט אַ נייע עפּאָכע פון קאַמף, האָט געקאָנט זיך אויפוועבן אַ בלומען-קראַנץ פון אַזעלכע אומגעוויינלעך-דערהויבענע שיינע לעגענדעס. די לעגענדעס אָבער דערהויבן, און פאַראייגם פאַרווישן זיי דעם היסטאָרישן פרצוף פון באַזונגענעם העלד. אונז אָבער אינטערעסירט דער היסטאָרישער אליהו, דער רעוואָלוציאָנער און פּאָליטיקער, ווי ער האָט

ארם און עמון, האָט די דודשע דינאַסטיע זיך געשטעלט מיט אַ פעסטן פוס אין דעם דאָזיקן גרענעץ-לאַנד.

יענע מלחמות האָבן, קאָנטיק, אָבער אויך אַריינגעטראָגן נייע שטריכן אין דעם פרימיטיוון לעבנס-שטייגער פון גלעד. בשעת די דאָזיקע מלחמות זיינען ווי אומעטום די פאַסטוכער און פויערים פון דעם מלחמה-געביט פאַראָרעמט געוואָרן, און די העכערע מיליטערישע פירער צוזאַמען מיט די פאַרמעגלעכע אָרטיקע משפחות האָבן אַריינבאַקומען גרויסע נחלאות, וואָס זיי האָבן אָדער פונאַנדערגעפירט יענע אינטענסיווע פי-צוכט, מיט וועלכער דער גלעד האָט זיך שפּעטער אויסגעצייכנט, אָדער די האָבן געזייט אין זייערע פעלדער באַלזאַם-פלאַנצן און געווירצן, וועלכע פלעגן אויפגעקויפט ווערן דורך די קאַראַוואַנען. עס איז דאָ ווי אומעטום געוואַקסן פון איין זייט די רייכקייט פון ווייניקע, און די אָרעמקייט און באָדנלאָזיקייט פון דער מאַסע.

צו די אַלגעמיינע סיבות זיינען דאָ צוגעקומען נאָך אָרטיקע, ספּעציעלע. די באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין פּראָצעס פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג געוואָלט און געמוזט איבערגיין צו ערד-אַרבעט, האָט דאָ ניט געפונען פאַר זיך גענוג ערד, וואָס זאָל טויגן צו זריעה און האָט געמוזט, — אויף וויפל זי האָט ניט געקאָנט איבערגיין צו אינטענסיווע אַרבעטס-פאָרמען, — אָפּרייסן זיך פון דער ערד און ווערן סאָציאַל עלנט.

פון צווייטן זייט האָט דער גלעד, אַלס איזאָלירטע געגנט, קאָנטיק, געדינט פון פריִע צייטן אָן, אַן אָרט, וואוהין עס פלעגן לויפן פאַרברעכער פון צענטער, און וואוהין די מלוכה פלעגט פאַרשיקן די אומוויליקע רוצחים. — דאָס אַלץ האָט זיך געדאַרפט אָפּרופן אויפן לעבנס-שטייגער פון לאַנד.

אונז פעלן דורכאויס פרטים. מיר הערן נאָר שפּעטער, אין דער צייט פון די גרויסע נביאים, פאַראיינצלטע ווערטער פון שאַר-

דער קיניג האָט געוואוסט, אַז די נביאים באַהאַלטן זיך אין די היילן, וואָס אין די בערג און האָבן זייערע געהיימע אָנהענגער, האָט ער פאַרשוואָרן אַלע איינוואוינער פון די שטעט און דערפער, אַז זיי זאָלן אַרויסגעבן אליהון, הראָענדיק מיטן טויט די, וואָס וועלן אים העלפן אויסמיידן די שטראָף.

די נבואה-באַוועגונג האָט אָבער געהאַט אירע געהיימע אָנהענגער אויך אין קיניגלעכן הויף. דער קאָמענדאַנט פון פּאַלאַץ, עובדיה, האָט, ניט געקוקט אויף די הונגער-יאָרן, אויסגעהאַלטן פון די קיניגלעכע שפּייכלערס הונדערט אָנהענגער פון דער נבואה-באַוועגונג, וועלכע ער האָט באַהאַלטן אין צוויי היילן, און האָט די געראַטעוועט פון די הענט פון דער בלוטיקער רעאַקציע, וועלכע איז פאַרשאַרפט געוואָרן דורכן אומגעווייגלעכן הונגער.

עס איז הערגאַנגען צו דעם, אַז עס האָט געפעלט שפּייז פאַר די קיניגלעכע פערד.

„און אחאב האָט געזאָגט צו עובדיהן: גיי איבערן לאַנד, צו אַלע וואַסער-קוואַלן און טייכן, אפשר וועט זיך געפינען גראָז, וועלן מיר אויפהאַלטן דעם לעבן די פערד און מויל-אייזלען. און זיי האָבן זיך צעטיילט צווישן זיך דאָס לאַנד אויף דורכצוגיין. אחאב איז געגאַנגען אין איין וועג אַליין און עובדיה איז געגאַנגען אין צווייטן וועג אַליין".

„עובדיה איז געווען אין וועג, ערשט עס קומט אים אָן אַנט-קעגן אליהו. ער האָט אים דערקאָנט און איז געפאַלן אויפן פּנים און האָט געזאָגט: ביסטו עס מיין האַר אליהו? און יענער האָט אים געענטפערט: „איך! גיי זאָג דיין האַר: אָט איז אליהו! האָט ער געזאָגט: מיט וואָס האָב איך געזינדיקט, וואָס דו גיסט איבער דיין קנעכט אין אחאבס הענט, ער זאָל מיך[1] טויטן.

1) אנשטאָט „מיך" דאַרף מען לייענען דיך. דער טרייער אָנהענגער פון דער נבואה קאָן ניט אַרויסריידן פון זיין מויל חעגן דער טויט-געפאַר פאַר דעם נביא.

געלעבט אין אחאבס צייטן, אין די טעג פון העספּאָטיזם און באַליטישן טעראָר.

דער שווערע פּון אחאב איז געווען רייך אָנגעזאַפּט מיט נביאישן בלוט. דאָס קיניגטום האָט זיך גענומען אָפּרעכענען מיט די נביאים, וועלכע האָבן איצט שאַרף געביטן זייער באַציאונג צו אים. הערצו האָט אַן אַקטיווע ראָל אין די רדיפות אויף די נביאים געשפּילט די קיניגין איזבל, די טאָכטער פון פּיניקישן קיניג אתבעל, וועלכע האָט געווים פאַרשטאַנען, אַז דער נצחון פון די נביאישע אידעען וואָלט באַטייט ניט נאָר דעם אונטערגאַנג פון אחאבס דינאַסטיע. נאָר אויך דעם סוף פון דער פּיניקישער השפּעה אין לאַנד, — דער השפּעה, וועלכע האָט זיך איינגעטלעך סימבאָליזירט דורך איר פאַר־בינדונג מיטן ישראלישן קיניג.

דער פּאָליטישער טעראָר כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד. א גאַנצע נעץ פון קיניגלעכע שפּיאָנען און הענקער לויערן איבער די שטעט און דערפער, כדי אויסצוזוכן די אָנהענגער פון דער נביאישער באַוועגונג און אומצובריינגען זיי פון דער וועלט.

באַזונדערס האָט דער קיניג ניט געקאָנט רוען, זינט עס האָט זיך געוויזן אין לאַנד דער גרויסער נביא פון גלעד מיטן האָריקן מאַנטל און פעלענעם גאַרטל, וואָס האָט מיט זיין אויסזען און מיט זיינע שאַרפע רייד, אָנגעוואָרפן א שוידער אויף די איינוואוינער פון שומרונס פּאַלאַצן.

די פריערדיקע נביאים האָבן זיך נאָך צום טייל געוואַקלט צווישן אָפּן אַנטקעגן דער דינאַסטיע. געפערלעכער פון זיי אַלעמען איז געווען דער קאַטעגאָרישער און שטרענגער אליהו, וועלכער איז ניט געגאַנגען אויף קיין קאָמפּראָמיסן מיט דיינע פּאָ־ליטישע קעגנער.

דער קיניג האָט אין בלוט פאַרטרונקען די נביאישע באַוועגונג. אליהו האָט אָבער אויסגעמיטן זיין האַנט.

דער קיניג, וועלכער איז אויך געווען הערביי, איז געבליבן אומבאַרירט דורכן פאָלקס־צאָרן; צעמישט האָט ער געלאָזט יאָגן זיין רייטוואָגן קיין יזרעאל, צו ראַטעווען זיך פון דער נביאישער נקמה און איז אַריין אין די שטאָט־טויערן צוזאַמען מיטן טריאומפירנ־דיקן נביא, וועלכער האָט זיך אין רעגן, ווי אַ ליב, געטראָגן אי־בערן יזרעאל־טאָל.

אַזוי האָט אליהו אָפּגערעכנט זיך פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון די נביאים, האָט איבערגעריסן דעם פּאָליטישן טעראָר דורך זיין קעגן־טעראָר און האָט וויניקסטנס אַ טייל פון פאָלק, וואָס האָט זיך געוואַקלט צווישן העספּאָטיזם און צווישן דער נבואה, צווישן בעל און צווישן יהוה, אַרויסגעפירט אויף אַ קלאָרן וועג. דער פּאָליטישער רעאַקציע איז געגעבן געוואָרן אַן ערנסטער שלאָג.

דאָס איז אָבער געווען נאָר אַן אָנהייב. אחאב האָט זיך אויף איין אויגנבליק צעמישט. אָבער די דעספּאָטישע איזבל און די הויף־לייט האָבן אים אונטערגעהאַלטן און ער איז מיט מער קראַפט און צאָרן אַרויסגעטראָטן איצט אַנטקעגן אליהון, וועלכער האָט איצט געמוזט לויפן קיין יהודה, וואו אים איז אויסגעקומען צו ליידן הונגער און נויט און וואו זיין שטורמישער גייסט האָט ניט געפונען קיין רו, ביז ער האָט זיך ניט באַשלאָסן אומקערן זיך צוריק קיין יזרעאל און ווייטער אַרויסצוטרעטן עפנטלעך אַנטקעגן דעם קיניג.

דער באַשלוס איז ביי אים צייטיק געוואָרן אין יענע שטילע נעכט, וועלכע ער האָט, אַ פאַרשוואַכטער פון הונגער און וואַנ־דערונג, פאַרבראַכט אין מדבר, אין אַ הייל, ביים געטלעכן באַרג חורב, וואו עס איז דאָ צייטיק געוואָרן פאַרצייטן די ערשטע לע־גענדן־רייכע געזעצגעבונג פון משה.

עס זיינען געווען מינוטן, ווען עס האָט אים זיין לעבן דער־עסן. ער איז געבליבן דער איינציקער נביא אין ישראל־לאַנד נאָך

בײַם לעבעדיקן יהוה דײַן גאָט, — עס איז ניטאָ קײן פֿאָלק אין לאַנד, וואוהין עס האָט ניט געשיקט מײַן האַר דיך דאָרטן צו זוכן און מען האָט אַלץ געענטפֿערט — ניטאָ. און ער האָט פֿאַרשוואָרן דאָס לאַנד און דאָס פֿאָלק, אַז ער וועט דיך געפֿינען.... און דו ווײסט דאָך, וואָס איך האָב געטאָן, בשעת איזבל האָט אויסגעהרגעט יהוהס נביאים, ווי איך האָב באַהאַלטן הונדערט מאַן פֿון יהוהס נביאים אין אַ הייל און זײ געשפּײַזט מיט ברויט און וואַסער; און איצט זאָגסטו מיר: גײ און זאָג דײַן האַר: אָט איז אליהו. ער וועט מיך 1) דאָך טויטן".

„אָבער אליהו האָט געזאָגט: בײַם לעבעדיקן יהוה־צבאות, וועלכן איך האָב געדינט, אַז הײַנט וועל איך זיך אים ווײַזן".

און עובדיה איז אַרויס אַנטקעגן אחאבן און האָט אים דערציילט. איז אחאב אַרויס אַנטקעגן אליהון".

„און ווען אחאב האָט דערזען אליהון, האָט ער צו אים געזאָגט: ביסטו דאָס דער באַשווינדלער פֿון ישראל ?! אָבער יענער האָט געענטפֿערט: ניט איך האָב באַשווינדלט ישראל, נאָר דו"!...

און ער איז געקומען צום כרמל־באַרג, האָט איבערגעקליבן דאָס פֿאָלק און האָט גערעדט פֿאַר אים, און האָט דיסקרעדיטירט פֿאַרן פֿאָלק דין בעל־„נביאים", די טרײַע דינער פֿון דעם דעספּאָטישן קיניג. און ווען ער האָט דערפֿילט, אַז די מאַסע איז אויף זײַן זײַט, האָט ער געגעבן אַ צײכן דײַנע געהײמע אָנהענגער און זײ זײַנען באַפֿאַלן די בעל־„נביאים" און האָבן אויסגעשאָכטן פֿיר הונדערט און פֿופֿציק מאַן.

און איבערן הימל, וועלכער האָט ניט גערעגנט אין יענעם הונגער־יאָר לאַנגע חדשים, אַזוי אַז דאָס גראָז איז אומעטום פֿאַרברענט געוואָרן, האָט זיך, לויט דער לעגענדע, פּלוצלונג באַוויזן אַ וואָלקן, און אַ גוס־רעגן האָט אַראָפּגעשווענקט דאָס בלוט פֿון די פֿאָלקס־פֿאַרפֿירער.

רעוואָלוציאָנערער גייסט. און ווען אליהו איז געגאַנגען צוריק קיין יזרעאל, האָט ער זיך צו אים באַהעפֿט.

„ער איז פֿון האָרעב אַוועקגעגאַנגען און האָט געפֿונען אלישע בן שפֿט בײַם אַקערן. צוועלף פּאָר אָקסן גייען פֿאַר אים און ער איז בײַם צוועלפֿטן פּאָר. האָט ער אַוואָרף געטאָן צו אים זײַן קליד. האָט יענער פֿאַרלאָזן די אָקסן און איז געלאָפֿן נאָך אליהון, און האָט געזאָגט: „איך וועל זיך נאָר געזעגענען מיט פֿאָטער און מוטער און וועל גיין נאָך דיר". האָט ער צו אים געזאָגט: גיי אום קער זיך אום, וואָס האָב איך דען דיר געטאָן?!" האָט יענער זיך פֿון אים אָפּגעקערט, האָט גענומען די אָקסן־פּאָר און האָט די געשאָכטן און איבער אָקסן־געשפּאַן האָט ער אָפּגעקאָכט דאָס פֿלייש, האָט געגעבן דעם פֿאָלק און זיי האָבן געגעסן. און ער איז אױפֿגעשטאַנען און איז אַוועק נאָך אליהון און האָט אים באַדינט".

איצט איז ער שוין ניט געווען מער איינזאַם, איצט האָט ער געקאָנט וואַרפֿן זײַן בליק אויף דער צוקונפֿט. מיט אים איז געווען אלישע, זײַן גײַסטיקער יורש. ער איז געגאַנגען קיין יזרעאל, אַרויסצוטרעטן צום לעצטן מאָל אָפֿן אַנטקעגן דער דינאַסטיע.

גאַנץ גיך האָט זיך אים געטראָפֿן אײַך אַ פּאַסיקער מאָמענט:

ניט ווײַט פֿון אחאבס פּאַלאַץ אין יזרעאל איז געווען אַ ווײַנגאָרטן, וואָס האָט געהערט צו אַ ישׂראלישן בירגער נבֿות. האָט אחאבֿן זיך פֿאַרוואָלט דער ווײַנגאָרטן, און ער האָט צו אים געזאָגט: „גיב מיר דײַן ווײַנגאָרטן און ער וועט מיר זײַן פֿאַר אַ גרינס־גאָרטן, ווײַל ער איז נאָענט צו מײַן הויז. איך וועל דיר געבן אָנשטאָט אים אַ בעסערן ווײַנגאָרטן, און אויב דו ווילסט, וועל איך דיר געבן געלט, וויפֿל ער איז ווערט". נבֿות האָט אים אָבער געענטפֿערט: „באַהיט גאָט, איך זאָל דיר אָפּגעבן די ירושה פֿון מײַנע עלטערן"!

די בלוטיקע טעג פֿון טעראָר, ער איז געווען הונגעריק און מיד און אויף יעדן טריט האָט אים נאָכגעלויערט די שווערד פֿון געדונגענע מערדער. ער האָט אויף זיך געבעטן דעם טויט. נאָר דער באַוואוסטזיין פֿון דער ניט-פֿאַרענדיקטער אויפֿגאַבע האָט אים געגעבן כּוח צו ליידן און צו קעמפֿן. אַ בילד פֿון דער מדבר-נאַטור האָט אים געדינט אַלס סימבאָל, אַלס ביישפּיל.

„גיי אַרויס און שטעל זיך אויפֿן באַרג פֿאַר יהוה. אָט גייט יהוה פֿאַרביי, און אַ גרויסער מעכטיקער ווינט גייט פֿאַר אים, וואָס שמעטערט בערג און ברעכט פֿעלזן — ניט אין ווינט איז יהוה. און נאָכן ווינט — אַ שטורעם. ניט אין שטורעם איז יהוה. נאָכן שטורעם — אַ פֿייער. ניט אין פֿייער איז יהוה. און נאָכן פֿייער — אַ פֿולשטענדיקע שטילקייט. און אליהו האָט זיך איינגעהערט, האָט זיך איינגעוויקלט אין זיין קלייד און זיך געשטעלט ביים אַריינגאַנג אין הייל. ערשט אַ קול רופֿט צו אים: וואָס האָסטו דאָ צו טאָן, אליהו?! גיי און קער זיך אום אין דיין וועג, און זאַלב חזאלן פֿאַר אַ קיניג אין ארם, יהוא בן נמשי פֿאַר אַ קיניג איבער ישראל און אלישע בן שפֿט פֿאַר אַ נביא אויף דיין אָרט".

אין שטילע, אויסגערעכנטע, ראַדיקאַלע פּאָליטישע טריט האָט ער געפֿונען דעם שליסל צו דער צוקונפֿט. ער האָט ניט געטאָרט אַראָפּ פֿון סצענע ניט ליקווידירנדיק די הערשאַפֿט פֿון דער עמרישער דינאַסטיע, ניט איבערגעבנדיק דעם פֿייער פֿון זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט דעם, וועמען עס וועט אויסקומען צוגיסן אים ווייטער אין מעכטיקע שטראָמען איבערן פֿאַרקנעכטעטן לאַנד און צוגרייטן דעם באָדן פֿאַר די גרויסע פּאָליטישע נביאים, וואָס וועלן קומען נאָך אים.

אלישע האָט געדאַרפֿט ווערן דער אידעאָלאָגישער יורש פֿון אליהו. אין דער שטיל פֿון דער פּויערשער סביבה, אויפֿן היימישן פֿעלד פֿון זיין פֿאָטער, אין דעם גלילישן דאָרף איז געוואַקסן זיין

דאָס איז געווען, קאָנטיק, אליהוס לעצטער אַרויסטרעטן איך יזרעאל.

דער געשיכטע־שרייבער, וועלכער איז בכלל דורכגעדרונגען מיטן נביאישן גייסט, מיידט אומעטום אויס צו דערציילן אונד וועגן חעם טויט פון די איינצלנע נביאים. דעם נביאים טויט דאָס איז זיין ירידה, די אויסלעשונג פון געטלעכן פונק, וואָס אין אים. שטיל גייען זיי אַראָפּ פון דער געזעלשאַפטלעכער סצענע נאָך יאָרן פון קאַמף. נביאים גייען אַוועק, די נביאישע באַוועגונג גייט ווייטער.

נאָר איין אליהו, חעם נביא פון שטורעם און דראַנג, האָט די נביאישע לעגענדע פאַר קיין פאַל זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, מיט אָפּגעבלאַסטע שטומע ליפּן, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט. שפּאַלטנ־דיק דעם ירדן מיט זיין נביאישן קליה און אַריבערגייענדיק אויפן הימישן ברעג, וואו עס הערהייבט זיך דאָס גלעדישע הויכלאַנד, האָט ער זיך אויף פייערדיקע פערד און אין אַ פייערדיקן רייטוואָגן אויפגעהויבן פון דער ערד, און לעבט אייביק אין דער פאָרשטעלונג פון פאָלק, זיין וועג איז געבליבן ניט פאַרענדיקט, ער איז דער נביא פון אַלע דורות.

נאָך אים האָט אלישע בן שפט זיך געשטעלט אין דער שפיץ פון דער נבואה־באַוועגונג. ביים ירדן, וואו ער האָט זיך געזעגנט מיט אליהו, זיינען מיט אים שוין געווען פופציק יונגט־נביאים, צווישן זיי אפשר אויך הער, וועלכער איז געווען באַשטימט צו אויסראָטן די דינאַסטיע פון עמרי — יהוא בן נמשי.

אלישע איז געווען אליהוס איחעאָלאָגישער יורש. אָבער זיין טעמפּעראַמענט איז געווען אַ פיל רואיקערער און געשטעלטער. די צייט פון פּאָליטישן טעראָר איז שוין אַריבער. ביי גינסטיקערע באַציאונגען האָבן די נביאים געקאָנט פירן זייער טעטיקייט, וועלכע האָט אַלץ מער באַקומען אַ ריין פּאָליטישן כאַראַקטער.

דער כאַראַקטער-שוואַכער אחאב איז געוואָרן אומעטיק און איז אַריינגעפאַלן אין אַ שלעכטער שטימונג. נאָר דאָ האָט אים אַרויסגעהאָלפן די גרויזאַמע און פאַלשע איזבל. זי האָט צו אים געזאָגט: „אַזוי וועסטו זיך מאַכן איצט אַ הערשאַפט איבער ישראל?! גיי, עס דיין ברויט און לאָז היך וואויל גיין, איך וועל דיר געבן נבותס ווייגאָרטן".

און זי האָט פונאנדערגעשיקט בריוו די קיניגלעכע באַאַמטע און ריכטער, האָט באַפוילן באַשטימען אַ פאָלקס-תענית, אויפרופן אַ פאַרזאַמלונג און אַוועקזעצן נבותן אויבן-אָן. און זי האָט געדונגען פאַלשע עדות, וואָס זיינען געקומען פאַר דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג און האָבן עדות-געזאָגט, אַז נבות האָט געשאָלטן גאָט און דעם קיניג. און מען האָט אים פאַרמשפּט צום טויט און אַרויסגעפירט הינטערן שטאָט און פאַרוואָרפן מיט שטיינער.

ווען מען האָט איזבלן אָנגעזאָגט, אַז נבות איז שוין פאַרשטיינט געוואָרן, האָט זי געזאָגט צו אחאבן: „איצט גיי ירשן נבותס ווייגאָרטן, וועלכן ער האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן פאַר געלט, ווייל נבות לעבט שוין מער ניט. ער איז געשטאָרבן".

דער שוואַכדיניקער אחאב, באַהאַלטנדיק זיך הינטער זיין דעם-פּאָטישער פּרוי, איז אַוועק אין נבותס ווייגאָרטן, אָבער דאָ צווישן די ווייגשטאָקן, האָט זיך פאַרן קיניגלעכן טיגעניכטס, וואָס קיפּט זיך באַקוועמלעכקייטן פאַרן פּרייז פון מענטשלעכע בלוט, געוויזן דער רעוואָלוציאָנער פון גלעד און האָט געזאָגט: „דו האָסט באַגאַנגען אַ מערדעריי און דו ווילסט נאָך ירשנען?! אַזוי האָט געזאָגט יהוה: אין דעם אָרט, וואו די הינט האָבן געלעקט נבותס בלוט, וועלן זיי לעקן אויך דיין בלוט... און אויך איזבלן וועלן עסן די הינט אין פּאַלאַץ פון יזרעאל. ווער עס וועט שטאַרבן ביי אחאבן אין שטאָט, וועלן אים עסן די הינט און ווער עס וועט שטאַרבן אין פעלד, וועלן אים עסן די פייגלען פון הימל"...

## 9. דער אָנגריף פון אַשורישן אימפּעריאַליזם. די גרויסע פּאָליטישע נביאים.

וואָס מער עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אויפשטאַנדן אַנטקעגן דעם אשורישן אימפּעריאַליזם אין דרום, אין בבל און אין פרס, אַלץ שטאַרקער האָט ער געפּרוווט אַרויפטאָן זיין יאָך אויף די מערב-לענדער, אויף קליין-אַזיע, אויף ארם און אויף פיניקיע. וואָס שווערער עס איז אים געוואָרן דער צוטריט צום פּערסישן ים, אַלץ ענערגישער האָט ער געזוכט צו שטעלן זיך פעסט אויפן ברעג-לאַנד פון מיטללענדישן ים. אין דער צייט פון יואש און ירבעם דעם צווייטן האָט שוין דער אשורישער אימפּעריאַליזם גיט באַנוגנט זיך מיט פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלן אויף די קולטור-לענדער פון סוריא און קליין-אַזיע. תגלת-פלאסר דער דריטער (דער בבלישער פול) האָט זיך פּאַקטיש אונטערטעניק געמאַכט הידאָזיקע לענדער, (738 פאַרן קריסטלעכן צייט-חשבון), הגם ער האָט ביי זיי פאָרמעל נאָך ניט צוגענומען דעם לעצטן שיין פון פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט. דאָס ישראל-לאַנד האָט, קאָנטיק, דערווייל געליטן פון אשור ווייניקער פון אַנדערע לענדער; תגלת-פלאסר האָט זיך דערווייל באַנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך דורכגעשלאָגן צום ים אין אַרפּד און אין פיניקיע, אָבער ישראל האָט געמוזט שוין איבערלעבן אַ שווערן ווירטשאַפטלעכן קריזיס, ווייל ער איז געשטאַנען אין ענגע עקאָנאָמישע באַציאונגען צו זיינע צפונדיקע שכנים.

אַחוץ דעם איז געווען קלאָר פאַר יעדן רעאַלן פּאָליטיקער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט אשור פאַרנעמען דעם גאַנצן ברעג-

אלישע פֿאַרנעמט זיך שוין פּראַקטיש מיט פֿראַגן פֿון אינ־
טערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. און דערצויגן אין אליהוס שול, איפּ־
געהויבן דורך אים אין די הויכענישן פֿון רעוואָלוציאָנערן גייסט, איז
ער געוואָרן דער ווירקלעכער פֿאָטער פֿון דער פּאָליטישער נבֿואה.

---

אשורישער בעל, ער באַווײַזט די אָרטיקע קולטן, ער שטייסט אָפּ אָן אַ זייט די פֿיניקישע השפּעה, ווײַל צוזאַמען מיט די פֿעלקער האָבן זיך פּאָליטיש קאָמפּראָמענטירט זייערע געטער. דער איינציקער מיוחס איז איצט אומעטום דער בעל פֿון אשור, אים דינען איצט געזוידמעט אומעטום די רײַכע טעמפּלען מיט זייער גלענצנדיקן גאָטעסדינסט, אים ברענגען די הערשנדיקע קלאַסן זייערע רײַכע מתּנות, אַלס אַ מין פּאָליטישן אויסקויף־געלט, און די סאָציאַלע כּתּירות צווישן זיי און צווישן הער פֿאָלקס־מאַסע ווערן נאָך בולטער און שאַרפֿער.

די עמפּערונג פֿון די נבֿיאים גייט איצט אַרויס פֿון די גרע־ניצן פֿון זייער קליינער היים. צוזאַמען מיט די פּאַראָרעמטע פּויערים פֿון יהודה און ישׂראל, וואָס ווערן פּאַרקויפֿט פֿאַר קנעכט די רײַכע מאַגנאַטן, צוזאַמען מיט די הונגעריקע אַלמנות און יתומים, בײַ וועלכע עס ווערט אָפּגעראַבירט דאָס לעצטע פֿעלד און די לעצטע שטוב, גייען דורך פֿאַר זיינע אויגן מחנות קנעכט פֿון פּרס, מדי, ארם, חמת, פֿיניקיע און אַנדערע לענדער, וועלכע טראָגן דעמוטעלביקן שווערן יאָך, וואָס ווערן געצוואונגען צו בויען פֿע־כּמונגען און פּאַלאַצן פֿאַר זייערע הערשער; און זייער שטרעבן צו גערעכטיקייט, צו גלײַכקייט, גייט אַרויס פֿון די ענגע גרע־נעצן פֿון זייער פֿאָטערלאַנד.

אין יזרעאל־טאָל און אין דער שפֿלה, אין די טויערן פֿון שומרון און ירושלים, אויף די מערק און קאַראַוואַנען־וועגן האָבן די נבֿיאים מן־הסתּם געטראָפֿן ניט איינמאָל פֿאַר אַ אינטערנאַציאָנאַלער מאַסע פֿון כּנעניישע, אַרמעיִשע, פֿיניקישע, פּערסישע, בבֿלישע און אַשורישע קאַראַוואַנען־הענדלער און האַנטווערקער. שוין אליהו און אלישע האָבן זיך ניט באַנוגנט מיטן ריין־פּלאַטאָנישן באַהאַנדלען דאָס פּאָליטישע לעבן פֿון די אַרומיקע פֿעלקער, זיי האָבן געפּרוּווט זיך פּראַקטיש אַרײַנמישן אין זייער גורל.

פון מיטללענדישן ים, אַז זיינע חילות װעלן זיך פון חרמון און לבנון אַראָפּלאָזן אין דעם פּרוכטבאַרן גליל און הערגיין שפּעטער אפשר דורך די אפרים-בערג קיין יהודה-לאַנד ביז צו עזה.

איצט איז פאַר די נביאים קלאָר געוואָרן, אַז די ישׂראלשע געזעלשאַפט, װעלכע איז דעמאָראַליזירט דורכן לוקסוס און פוילקייט פון די רייכע, דורך דער עלנט און קנעכטשאַפט פון די אָרעמע, איז ניט מסוגל אויסצוהאַלטן דעם אשורישן אָנגריף, בפרט אַז דער בירגער-קריג מיט יהודה האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט, און די מיליטערישע פּאַרטיי און די כהנים פון די הייליקע שטעט האָבן העמדאָזיקן קאָנפליקט מיט יהודה קינסטלעך פונאַנדערגעבלאָזן.

אָבער דער ערפאָלג פון אימפּעריאַליזם דערקלערט זיך דאָך אייגנטלעך דורך דעם, װאָס די קליינע מלוכות זיינען ניט נאָר פאַראייניקט צוזאַמען, כדי מיט שותפישע כוחות זיך צו פאַרטיידיקן אנטקעגן דעם אָנפאַל פון אויסן, נאָר יעדער קליינע מלוכה װערט אינעווייניק צעריסן און אָפּגעשוואַכט דורך דעם אומגערעכטן געזעלשאַפטלעכן סדר, דורך די טיפע געזעלשאַפטלעכע סתירות צווישן די הערשער און פאָלק.

די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט און אומגלייכקייט איז, משמעות, אַן אַלגעמיינע ערשיינונג פון אַלע פעלקער, אַן אַלגעמיינע קללה. די האָט געעפנט אומעטום דעם פּאָליטישן פראָנט פאַרן אימפּעריאַליזם, די האָט עס געמאַכט, אַז „קיין פייגל זאָל ניט פונאַנדערשפּרייטן זיינע פליגלען, זאָל ניט עפענען קיין מויל און שרייען", אַז אַלע זאָלן אָן װידערשטאַנד זיך אונטערגעבן זיינע חילות.

און ניט נאָר אָן װידערשטאַנד אַליין. דער אינסטינקט פון פּאָליטישער צופּאַסונג האָט אַרום ביי די הערשנדיקע קלאַסן אין יעדן לאַנד די אָפענע נייגונג צו דער אשורישער קולטור און צום אשורישן קולט. מיטן פּאָליטישן נצחון פון אשור, װינט דער

ווען עס קומט אָן דייער צייט. און די צייט מוז קומען, ווייל „דער רויבער מוז צעריבּם ווערן". ניט מיטן פאַריבערגייענדיקן פּאָליטישן גליק דאַרף זיך דעריבער פאַרבינדן די אמונה, זי דאַרף ווערן דער סימבאָל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, די פאָן, אונטער וועלכער עס קעמפן אַלע אונטערדריקטע קלאַסן און פעלקער פון דער וועלט.

יהוה — איז הערדאָזיקער סימבאָל, די פאָן אין סאָציאַלן קאַמף פון די נביאים. ער איז דער גאָט פון שוואַכע און אונטערדריקטע היינט, ער איז דער גאָט פון רעוואָלוציאָנערער נקמה אין דער איבערגאַנגס־צייט, ער איז דער גואל־הדם פאַרן בלוט פון זיינע געקוילעטע און פאַרקנעכטעטע מענטשן־קינדער. „ער קומט אָן פון אדום און זיינע קליידער טריפן בלוט, ווי עס טריפט וויין פון דעם וויין־פרעסער, דען ער האָט דעם וויין־קעלטער פון די פעלקער געטראָטן און האָט איינגעריכט זיינע קליידער".

דאָס איז דער נקמה־טאָג פון יהוה, וועלכער וועט ווי אַ שטורעם־ווינט אַראָפּטראָגן די פּאַלאַצן פון אונטערדריקער, כדי צו בויען אויף זיי שפעטער אַ נייע וועלט פון די, וועלכע ער האָט דורכגעזיפּט דורך זיין זיפּ און אויסגעליטערט אין זיין קעסל.

אַזוי באַקומט די סאָציאַלע אידעע אַ רעליגיעזן לבוש, אַזוי באַקומט די רעליגיעזע קאָנצעפּציע — אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט.

ווי קליין און אָרעם עס זעט איצט אויס די וועלט־אָנשויאונג פון אַ שמואל אַנטקעגן דער וועלט־אָנשויאונג פון דידאָזיקע פּאָליטישע נביאים. דאָרטן האָט אַן איינזאַמער דענקער געפירט אַ קאַמף קעגן אַ קליין הייפעלע, פאָלקס־עקספּלואַטאַטאָרן, דאָ האַנדלט זיך שוין וועגן אַ באַוועגונג, וועלכע שטרעבט צו באַפרייען ניט נאָר ישראל, נאָר מיט אים צוזאַמען אויך די גאַנצע וועלט. דאָרטן האָט יהוה גערעדט צום נביא פון די טונקעלע ווינקלען פון שילה־טעמפּל, „אייִדער דאָס געטלעכע ליכט איז אינגאַנצן אויסגעלאָשן

איפהעקנדיק אין אַלגעמיינע, אָפּט-נעפּלדיקע שטריכן די פּאָ-לידאַריטעט צווישן די אונטערדריקטע פעלקער-מאַסן פון דער דאָ-מאָלכטיקער קולטור-וועלט, האָבן די נביאים געמוזט קומען צו דער פאָרשטעלונג וועגן אַן איינהייטלעכער אידעע פון גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער. י.ה.ו.ה., דער מקור פון גערעכטיקייט, האָט פאַר זיי געדאַרפט אויסוואַקסן במילא אין אַ וועלט-גאָט. זייערע סאָציאַלע אידעען האָבן זיך אויסגעגאָסן אין דער פאָרם פון אַ סאָציאַלער רע-ליגיע מיט אַ אויסגעשפּראָכענעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אַזוי אַרום איז די עוואָלוציע פון די רעליגיעזע אידעען ביי די נביאים, אויף וועלכער עס שטעלן זיך אָפּ די טעאָלאָגן, אייגנטלעך אַ דירעקטער פּועל-יוצא פון דער עוואָלוציע פון זייערע סאָציאַלע אידעען, און די לעצטע איז אַרויסגערופן דורך דעם אַנטוויקלונגס-גאַנג פון אימפּעריאַליזם.

די גאָט-גלייכקייט פון די פעלקער אויף דער וועלט-אַרענע זעט איצט די נביאים אויס ווי די גאָט-גלייכקייט פון די קלאַסן אין יעדן איינציקן פאָלק באַזונדער. ווי דאָ, אַזוי דאָרטן האָבן מיר צו טאָן מיט רייבן און שעפּסן, וועלף און קעלבער, איינער לעבט מיטן בלוט און מיטן מאַרך פון צווייטן. אייביקע מלחמות, אָנפאַלן, און דער שטאַרקער, פאַרשיכורטער דורך זיין נצחון, הייבט אָן גלויבן, אַז זיין פּאָליטישע מאַכט ליגט אין זיין נאַטור, אַז זי איז אים פון גאָט געגעבן.

דער אימפּעריאַליזם טראָגט זיך אַריבער אין דער אמונה, מאַכט זי פאַר זיין שטאַרקסטן און געפערלעכסטן ווערקצייג. דער אימפּעריאַליסטישער גאָט שטויסט אַרויס אַלע אַנדערע געטער פון זייער פּאַנטעאָן, צעשטערט און צעשמעטערט זייערע טעמפּלען און מזבחות.

אין דער אמתן מוזן אָבער די געטער, וועלכע פאַרבינדן זייער גורל מיטן כלי-זיין פון מעכטיקע פעלקער, פאַלן מיט זיי צוזאַמען,

נביאס זינדיקע ליפן, ברענט אים זיין זינד; עס עפענען זיך אויף זיינע אויגן, ער הערט אַ געטלעך קול, וועלכער רופט: „וועמען זאָל איך שיקן און ווער וועט גיין?“ און ער כאַפּט זיך אָן: „אָט בין איך, שיק מיר“. זיינע אויגן זיינען אָפן, וויל ער עפענען די אויגן פון פאָלק, זיינע אויערן פאַרנעמען דעם גערויש פון די אָנקומענדיקע געשעענישן, וויל ער, אַז ס׳זאָל הערן אויך דאָס פאָלק, זיין האַרץ פילט און ליידט, וויל ער געפינען אַ וועג צום פאָלקס־האַרצן. און דאָ קלינגט פאַר אים ווי אַ טויט־אורטייל דער געזעץ פון היסטאָרישער אומפאַרמיידלעכקייט, — דער געזעץ פון יהוה, דעם גאָט פון גערעכטיקייט:

„גיי און זאָג צו דאָזיקן פאָלק:
הערט, הערט, איר וועט ניט פאַרשטיין,
קוקט, קוקט, איר וועט גיט באַנעמען,
מאַך פעט 1) דאָס האַרץ פון דאָזיקן פאָלק,
מאַך שווער־העריק זיינע אויערן
ווענד אָפּ זיינע אויגן,
דען ווען ער וואָלט געזען מיט די אויגן
און געהערט מיט די אויערן
און זיין האַרץ וואָלט באַגרייפן
און ער וואָלט זיך צוריקגעקערט —
וואָלט ער געהיילט ווערן“.

אָפּט, — קאָנטיק אין צוזאַמענהאַנג מיט צייטווייליקע גינסטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען, — רייסט זיך אָבער דורך דער נביאישער ליטעראַטור אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז אויפן וועג פון איינגעווייניקסטע סאָציאַלע רעפאָרמען קאָן מען אָפּשטעלן דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטלעכער דעמאָראַליזאַציע און איינבילדן פון

1) ניט עמפינדלעך.

געוואָרן". דאָ האָט זיין קול געהילכט איבער די טויערן פון נינוה און בבל, איבער די טייכן פון מצרים און די מויערן פון ירושלים און שומרון. דאָרטן גלייבט נאָך דער נביא, אַז דאָס פאָלק וועט זיין גליקלעך, ווען די מאַכט וועט זיין אין דער האַנט פון אַן אויסדערוויילטן פאָלקס-העלד און ער בענטשט דעמדאָזיקן העלד צום קאַמף מיט אַלע פעלקער אַרום. דאָ זוכט דער נביא לגמרי ניט פאַרן פאָלק קיין פאָליטישע מאַכט. ער איז, פאַרקערט, זיכער, אַז עס דאַרף קיין שטיין אויף אַ שטיין ניט בלייבן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס איז אויפגעבויט אויף אונטערדריקונג און אומרעכט, און ערשט אויף אירע רואינען וועט אויסוואַקסן אַ נייער און בעסערער סדר. ער זאָרגט ניט דערפאַר, וואָס די טע-ריטאָריעלע גרענעצן ווערן ענגער, וואָס אדום רייסט אָפּ שטעט ביי יהודה, און ארם ביי ישראל, ער האָט זיך שוין צוגעוויינט צו דעם געדאַנק, אַז דאָס מוז געשען, אַז דאָס זיינען די טריט פון דעם יהוה-טאָג, וואָס קומט אָן, וואָס מוז אָנקומען.

דער נביא ווערט דעריבער באַטראַכט אויפן איבערפלעכלעכן קוק אַלס אַ שלעכטער פאַטריאָט פון זיין פאָטערלאַנד, ווייל ער איז אַ וועלט-פאַטריאָט; ער האָט נאָך אַ לאַנגן קאַמף אַרויסגעריסן פון זיין האַרצן די ליבע צו זיין היים און זיין פאָלק פון היינט, ווייל ער זעט זיין היים און זיין פאָלק אין דער העלער פאַרב פון צוקונפטס-טאָג, אויף מאָרגן נאָך יענער סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָך דעם יהוה-טאָג, ווען דאָס סאָציאַלע פראָבלעם וועט געלייזט ווערן פאַר דער גאַנצער וועלט. און בײזוואַנען דאָס וועט געשען, וועט זיך דאָס לאַנד מוזן געפינען אין שטענדיקן שפיל פון פאָליטישע וועלט-כוחות און עס איז קיין פעולה ניט צו ראַנגלען זיך אַנט-קעגן זיי.

אָט ווי עס מאָלט ישעיה דעמדאָזיקן צושטאַנד פון אומפאַר-מיידלעכקייט: אַ גליענדיקע קויל פון יהוה׳ס מזבח באַרירט דעם

די נבֿיאישע באַוועגונג, ווי יעדער געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונג, האָט אַהינגעשטעלט אויף דער אַרענע דענקער און קעמפֿער מיט פֿאַרשידנאַרטיקער קראַפֿט פֿון כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט, און אין יעדער פּערזענלעכקייט באַקומט די אַלגעמיינע אידעע איר באַזונדערע אייגנטימלעכע וואַריאַנטן און ניואַנסן.

די אידעאָלאָגיע פֿון יעדן נבֿיא איז ענג געבונדן מיט די געשעענישן פֿון זיין צייט. פּאָליטישע קאַטאַסטראָפֿעס מאַכן בלינד די הערשער, און זעענדיק די סאָציאַלע דענקער פֿון זייער צייט, ווען מלוכות פֿאַלן און דער אימפּעריאַליזם גייט זיין זיגרייכן וועג איבער פֿאַרוויסטע פֿעלדער און שטעט, ווען עס דוכט זיך, אַז עס איז שוין ניטאָ זיך וואו צו באַהאַלטן פֿון שווערד און פֿון זיין טרייען באַגלייטער דעם הונגער, עפֿנט זיך פֿאַר די, וואָס גייען אין אַוואַנגאַרד פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, דער פֿאָרהאַנג פֿון דער צוקונפֿט. זיי זעען די צוקונפֿט-וועלט הינטער די שטראָמען פֿון מענטשלעכע בלוט און זיי שטרעבן זיך אָן צו פֿירן אָדער ווייניקסטנס צו העלפֿן אַהין די מענטשן פֿון זייער דור, און זייער קול הילכט ווי אַ מעכטיקער שופֿר אין גערודיש פֿון בירגער-קריג, און קיין כּוח איז ניט אומשטאַנד אים אָפּ-צושטעלן.

---

די מלוכה-צייט פֿון עוזיהו, יותם, אחז, חזקיהו (782 ביז 686 פֿאַרן קריסטלעכן צייט-חשבון) — דאָס איז די צייט, ווען עס וויקלט זיך פֿונאַנדער דער אָנגריף פֿון שווער-פֿאַרוואונדעטן אשורישן אימפּעריאַליזם אויף דער מערבֿ-גרענעץ, ווען די אונטערדריקטע בבֿל און פּרס האָבן שוין געשליפֿט אַנטקעגן אים זייער שווערד, וואָס האָט אַ קאַרגן יאָרהונדערט שפּעטער אים אומגעבראַכט פֿון דער וועלט.

פֿאָלק אַ קאָמפּאַקטע מאַסע, וואָס זאָל זיך קאָנען מיט ערפֿאָלג שטעלן אַנטקעגן די מעכטיקע אָקופּאַנטן. אָבער די דאָזיקע האָפֿענונגען פֿון דער מעסיקערער נביאישער ריכטונג זיינען גיך פֿאַרשוואונדן, ווען נאָכן טויט פֿון יאשיהו, איז אָנשטאָט דעם שטערבלעך־פֿאַרוואונדעטן אשורישן אימפּעריאַליזם מיט נייע כּוחות אַרויס דער בבלישער אימפּעריאַליזם. אַלע נביאים, אָן אונטערשייד, שטעלן זיך דאָ אויסגעשפּראָכן אויפֿן פּרינציפּ פֿון פּאַסיוון ווידערשטאַנד.

אין דעם דאָזיקן שלעכט־פֿאַרשטאַנענעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד פֿון די נביאים צו יעדער פּאָליטישער אָקופּאַציע האָט מען שפּעטער געוואָלט זען אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿאַר יענעם געזעלשאַפֿטלעך־אַבסורדן געדאַנק פֿון ניט שטעלן זיך אַנטקעגן שלעכטס בכלל, וועלכן עס האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום, בשעת עס האָט פֿון זיך נאָך ניט אַראָפּגעוואָרפֿן דעם שעפּסן־פֿעל.

אין דער אמתן אָבער איז דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד פֿון די נביאים ניט קיין אַבסאָלוטע אידעע, וועלכע איז ריכטיק פֿאַר אַלע צייטן און אומשטענדן, נאָר אַ פּאָליטישע טאַקטיק פֿאַר אַ באַשטימטן מאָמענט. אין דעם דאָזיקן פּאַסיוון פֿאַרהאַלטן זיך ליגט דער גלייבן אין דעם אָנקומען פֿון אַ תּקופֿה פֿון אַקטיוון אַריסטרעטן, צו וועלכער עס דאַרפֿן געזאַמלט ווערן כּוחות אין דער נסיונות־פֿולער צייט פֿון געצוואונגענער פּאַסיוויטעט. די דאָזיקע פּאַסיוויטעט דאַרף באַווייזן קלאָר און בולט די דריקנדיקע און אונטערדריקטע פֿעלקער, אַז די זיינען שפּילצייג און קרבנות אין די הענט פֿון אַ באַשטימטן היסטאָרישן פּראָצעס און אַז זייער שענדלעכע ראָל פֿון אַקטיווע רוצחים און פֿון פּאַסיווע קרבנות וועט זיך ענדיקן באַלד, ווי אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט וועט אָנקומען די תּקופֿה פֿון גערעכטיקייט.

עטאַפּ אין דער געשיכטע פֿון דער פֿעלקער־באַפֿרייאונג, און מען קאָן אים ניט אויסמיידן.

העריבער שטייט דער נביא אין דער קריטישער צייט מיטן פּנים ניט צו די אָקופּאַנטן, נאָר צום פֿאָלק, צו אַלע פֿעלקער פֿון דער אשורישער אָקופּאַציע אין, אָנווייזנדיק זיי אויף דער נישטיקייט פֿון קאַמף, רופֿט ער זיי אונטער די פֿאָנען פֿון יהוה, דעם גאָט פֿון גערעכטיקייט, ער רופֿט זיי צו גרינדן אַ אינזל פֿון פֿרייהייט אין דעם ים פֿון בלוט און קנעכטשאַפֿט, צו פֿאַרפֿעסטיקן זיך אויפֿן באַרג פֿון יהוה, וואוהין עס ווילן זיך ציען מיט דער צייט, מידע פֿון בלוט און קנעכטשאַפֿט, אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט.

דאָס איז די סאָציאַלע קאָנצעפּציע פֿון די נביאים, וועלכע אינדיווידואַליזירט זיך ביי יעדן נביא און שפּיגלט אָפּ די אומ־אויפֿהערלעכע גלגולים פֿון דער פּאָליטישער סיטואַציע פֿון זייער צייט1). די גאַנצע קאָנצעפּציע איז אויפֿגעבויט אינטואיטיוו, אויף דעם אַלט־אָריענטאַלישן שטייגער: דער נביא זוכט תּופֿס צו זיין בחוש דאָס, וואָס ער איז נאָך ניט בכוח צו באַגרינדן מיטן לאָגישן פֿאַרשטאַנד. ער פֿילט די נאַטור פֿון אימפּעריאַליזם מער, ווידער ער פֿאַרשטייט. דערפֿאַר קאָן ער נאָך ניט באַגרינדן סאָציאָלאָגיש די סיבות פֿון וואַקנדיקן אימפּעריאַליזם, און קאָן ניט אָנצייכענען לאָגיש אין שאַרף דעם וועג, וועלכן ער ליגט פֿאָר. זיין ריכטיקייט, זיין

1) עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערע באַליידיקונג פֿאַר די נביאים, ווי די מיינונג פֿון די טעאָלאָגן, וואָס זעען אין זיי פּראָפֿעסיאָנעלע פּאָליטישע רעט־מענער. אויב די חנופהדיקע קיניגלעכע יועצים, וועלכע האָבן מיט זייער קורצ־זיכטיקן אָפּטימיזם פֿאַרבלענדט די אויגן פֿון זייערע הערשער, האָבן זיך אויך געלאָזט אָנרופֿן נביאים, איז דאָס נאָר געווען אַ פֿאַלסיפֿיקאַציע פֿון דעם באַגריף, אין וועלכער עס זיינען געווען פֿאַראינטערעסירט יענע קלאַסן, וואָס האָבן גע־שטרעבט אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם נביאישן אויטאָריטעט. די פֿאָלקס־ליטעראַטור פֿון יענער צייט האָט זיי באַלד געקרוינט מיטן נאָמען „פֿאַלשע נביאים”.

דער אשורישער אימפּעריאַליזם איז אָבער נאָך גענוג שטאַרק געווען אויף צו צעשטערן די קליינע דעמאָראַליזירטע מלוכות פֿון מערבֿ־אַזיע. ער האָט געדאַרפֿט דינען פֿאַר אַ כלי־זיין אין דער האַנט פֿון יהוה, דעם גאָט פֿון סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער רופֿט אשור, ער גלייכט פֿאַר אים אויס וועגן און ער עפֿנט פֿאַר אים טיערן; און אשור לאָזט זיך אַראָפּ פֿון די בערג אויף זיינע בליצנדיקע פֿערד און שטורמישע רייטוועגן, ער דערפֿילט דעם טעראָריסטישן אַקט, וועלכן די געשיכטע האָט אויף אים אַרויפֿגעלייגט, — די נקמה פֿאַר דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט פֿון די פֿעלקער.

זייענדיק אָבער ניט מער ווי אַ מ י ט ל, האַלט זיך אָבער דער אימפּעריאַליזם אָפֿט פֿאַר אַ צ י ל. ער וויל אויפֿזאַמלען די מאַכט אין די אייגענע הענט, ער וויל ווערן אַ וועלט־מאַכט. אָבער דאָ קומט ער אין אַ סתירה מיט זיך אַליין. בשעת זיין אומגעהויערער אַנטוויקלונג זיינען געוואַקסן מיט אים זיינע אינעווייניקסטע קאָנפֿליקטן. די פֿעלקער, וועלכע ער האָט איינגענומען, זיינען ניט געוואָרן קיין טיילן פֿון זיין אָרגאַניזם. פֿאַרקערט, ער האָט זיי געגעבן נייע כוחות און נייעם מוט. פֿריער זיינען זיי געווען שוואַך און אָפּגעזונדערט, האָבן אָפֿט געשטריטן צווישן זיך, איצט האָט זיי דער שותּפֿישער פּאָליטישער גורל פֿאַראייניקט צום אַלגעמיינעם קאַמף.

דער אימפּעריאַליזם איז אַזוי אַרום פֿאַר זיי געוואָרן ניט נאָר אַ שטראָף, וואָס פֿאַרניכטעט, נאָר אויך אַ ליטער־קעסל, וואָס רייניקט, דערהויבט און דערציט, אַ זיפּ, וואָס וויגט זיך אין מעכטיקן שטורעם פֿון דער צייט און רייניקט אויס די תּבֿואה־קערנער פֿון די נישטיקע מעקינע, מאַכט זיי גרייט צו דער קומענדיקער זריעה.

דער אימפּעריאַליזם איז אַן אכזריות, אָבער ער איז אַ נייטיקער

בײַ די פּאַרמעגלעכע קלאַסן איז יעדער טאָג געװען אַ יום-טוב, און װען אַפילו צײַטנװײַז פֿלעגן די קאַראַװאַנען פֿון די אױסלענדישע סוחרים ברענגען צוזאַמען מיט זײערע לוקסוס-סחורות אױך אומ-רויִקע קלאַנגען, און עס האָט זיך אָנגעהױבן צו דערװעקן אַ זאָרג פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג, האָט זי אַרױסגערופֿן אין דער דעמאָראַלי-זירטער פּסיכיק נאָר אײן באַגער: „עסן און טרינקען, װײַל מאָרגן װעלן מיר שטאַרבן".

און ניט נאָר אין פּערזענלעכן לעבן פֿון קיניג און פֿון די פּאַרמעגלעכע קלאַסן האָט זיך געפֿילט די שפֿע פֿון גוטס. אין דעם קיניגס-טעמפּל פֿון בית-אל, אין דעם רעליגיעזן צענטער פֿון דער ישׂראלשער אַריסטאָקראַטיע, װערן מיט פּראַכט און פֿרײד אָפּ-געריכט די יאָר יום-טובֿים. װער עס פֿאַרמאָגט אָקסן און רינדער אין דער הײם, איז מער מיזהם אױך בײַם מזבח. ער עסט מער פֿלײש און טרינקט מער װײַן און פֿרײט זיך און טאַנצט אין שיכּורן קאַראַהאָד מיט די פּאַרהײליקטע זונות פֿון פֿיניקישן קולט.

דאָ, אין קיניגס-טעמפּל פֿון בית-אל, איז אַלץ אַזױ רויִק און פֿרידלעך. קײנע סאָציאַלע פּראָבלעמען מאַטערן ניט די מוחות פֿון די זאַטע. זײער גאָט פֿרעסט מיט זײ צוזאַמען דעם חלבֿ און די בלוט פֿון די געשטאָכטע אָקסן, זױפֿט מיט זײ די װײַנען פֿון בליענדיקן כּרמל, זײַנע כּהנים זײַנען פֿעט פֿון די רײַכע מתּנות, — װאָס אַרט זײ פֿאַרן פֿאָלק, װעלכער פּלאָגט זיך דאָרטן אין שװערער אַרבעט, אין קנעכטשאַפֿט און נױט אין די דערפֿער פֿון יזרעאל-טאָל און פֿון אפֿרים-באַרג.

אָבער אין תּקוע, אין אַ פֿעלזיקן באַרג-דאָרף אױפֿן גרעניץ פֿון יהודה-לאַנד געפֿינט זיך אײנער, װעמעס פּאָליטישן און עטישן באַװאוסטזײַן עס לאָזט ניט רוען די שרײַענדיקע אומגערעכטיקײט, די פּאָליטישע בלינדקײט פֿון די הערשנדיקע קלאַסן. ער איז אײגנט-לעך ניט מער װי אַן אײנפֿאַכער פּאַסטוכער-יונג און סיקאָמאָרן-

מעגלעכקייט און נייטיקייט פילט ער אָבער מיט אַלע חושים פון זיין ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט.

---

דער כראָנאָלאָגיש-עלטסטער פון די גרויסע פּאָליטישע נביאים, אין וועלכן מיר זעען נאָך צום טייל דעם עקסטאַז און די פּרימיטיווקייט פון די עלטערע נביאים, איז געווען ע מ ו ס.

דאָס איז געווען אין 8-טן יאָרהונדערט (פאַר קריסטוס צייט-חשבון), ווען די אַרמעישע מלוכה איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורך די אָפּטע אָנפאַלן פון אַשור און האָט פון איר זייט געלאָזן דערווייל צו רו דאָס שכנישע לאַנד ישראל. איצט זיינען די אַרמעער שטאַרקער ווי פריער געווען פאַראינטערעסירט אין דעם טראַנזיט-האַנדל דורכן ישראל-לאַנד. פאַר די קאַראַוואַנען פון דמשק און חמת איז געוואָרן אומבאַקוועם און אפשר אויך אוממעגלעך צו פירן ווייטער זייערע סחורות דורכן סורישן מדבר, אין אשור און בבל, און האָבן געזוכט קאָנצענטרירן זייערע רייכע טראַנספּאָרטן סחורה אויפן גרויסן האַנדלס-וועג, וועלכער האָט געפירט דורכן טאָל יזרעאל צו די האַפנס פון מיטללענדישן ים און קיין מצרים. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע סחורות, דערהויפּט חפצים פון פּוץ און לוקסוס, צירונג און סטאַטועס, פלעגן געקויפט ווערן דורך די רייכע קלאַסן פון ישראל, וועלכע האָבן נאָך זייער לעבנס-שטייגער ווייניק-וואָס דאַן אויסגעצייכנט זיך פון די פיניקיער. דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל, באַוואָרנדיק בשפע מיט סחורות די פאַרמעגלעכע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט, האָט במילא נאָך טיפער אויסגעגראָבן דעם תהום צווישן דער שטאַטישער אַריסטאָקראַטיע און אָרעמען האַנטווערקער און פויער.

די קורצזיכטיקע מלכים און זייערע יועצים האָבן ניט איינגעזען די סיבה פון דעם צייטווייליקן שטילשטאַנד און ניט געשפּירט די אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפע, וואָס וועט מוזן אָנקומען.

װעלן פֿאַרברענט װערן, און זייערע קיניג און האַרן װעלן גיין געפֿאַנגען.

יעדער אומגערעכטיקייט גייט ניט אַריבער אומבאַשטראָפֿט, און אַשור פֿיגורירט דאָ װי דער כּלי-זיין פֿון יהוהס צאָרן.

כּל-זמן דער נבֿיא רעדט װעגן די אַרומיקע פֿעלקער, פֿון װעלכע ישׂראל גופֿא איז אָפּט אויסגעשטאַנען פֿיל אונטערדריקונג, הערט אים דאָס פֿאָלק אויס רואיק, אַפֿילו מיט צופֿרידנקייט.

אָבער מיט דעמזעלביקן טאָן גייט דער נבֿיא אַריבער צו דער קריטיק פֿון זיין אייגענעם פֿאָטערלאַנד יהודה. ער מאַכט די דעם פֿאָרװאורף, אַז:

„זיי האָבן פֿאַרהאַסט די לערע יהוהס,
און האָבן ניט אָפּגעהיט זיינע געזעצן,
זייערע שקרים האָבן זיי פֿאַרפֿירט.
און דערפֿאַר װעט יהוה שיקן אַ פֿייער אין יהודה,
און װעט פֿאַרברענען די פּאַלאַצן פֿון ירושלים“.

נאָך די לאַנגע יאָרן פֿון בירגער-קריג צװישן ישׂראל און יהודה, װעלכע האָבן אַריינגעטראָגן אַ צעררייצונג און אַ שטענדיקן אַנטאַגאָניזם צװישן ביידע מלוכות, װאָלט מען אין בית-אל און שומרון אויסגעהערט רואיק אויך דעם נבֿיאס װערטער װעגן ירושלים. די פֿאַרזאַמלטע הערן זיך דעריבער צו מיט אומגעדולד, װאָס ער װעט װייטער זאָגן. װעט ער דען האָבן מוט צו ריידן דאָ אָפֿן אויך װעגן דעם גורל פֿון ישׂראל-לאַנד. פֿאַרן פֿאָלק, פֿאַר די באַאַמטע און כּהנים.

און עמוס, נאָך דעם, װי ער האָט אָפּגעפֿטרט בקיצור אַלע אַנדערע פֿעלקער און לענדער, רעדט ערשט מיט אַן איבערגעהויבענעם קול און אין אַ לאַנגער רעדע װעגן דער לאַגע אין ישׂראל-לאַנד.

„איך װעל ניט פֿאַרגעבן ישׂראלן פֿאַרװאָס זיי פֿאַרקויפֿן פֿאַר געלט דעם גערעכטן, און דעם אָרעמען מענטשן — פֿאַר אַ פּאָר

פלאַנצער, אָבער זיין פּאָליטישער האָריזאָנט איז אומגעהויער ברייט. ער זעט פאַר זיך דעם סאָציאַלן אומרעכט, די אומגלייכקייט פון די קלאַסן, די גרויזאַמקייט און די באַגרענעצטקייט פון די הערשער, ניט נאָר אין זיין אייגענעם פּאָטערלאַנד, נאָר אויך אין די שכנישע לענדער, אין אַרם, אין פיניקיע, אין פלשתים-לאַנד, אין מואָב, עמון און אדום. זיין גערעכטיקייט-געפיל קאָן זיך ניט באַרואיקן. ער וואַרפט דיין שאַף און זיינע סיקאָמאָרן און קומט אין זיין פּאַכטולער-העמד אין ישראל-לאַנד, טרעט אַרויס ביי די שטאָט-טויערן פון שומרון און ביים טעמפּל פון בית-אל און מעלטיק, ווי די פּאַסטוכער-פּליט אין די בערג, קלינגט זיין שטים אין דער פּאָלקס-פאַרזאַמלונג:

„יהוה שרייט פון ציון
און פון ירושלים הייבט ער אויף זיין קול,
און עס וועלן טרויעריק ווערן די פּאַסטוכער-וואַיאַנגען,
און עס וועט טרוקן ווערן דער שפּיץ פון דעם כּרמל".

צוליב דעם, וואָס די אַרמעער האָבן „מיט אייזערנע ריטער גע-דראָשן דעם גלעד", ד. ה. פאַרגעוואַלטיקט ריפּערסיטעס אַנטקעגן דער באַפעלקערונג, וועט יהוה שיקן אַ פייער אין הויכלם הויז און ער וועט פאַרברענען די פּאַלאַצן פון בן-הדד, ער וועט צעברעכן דמשקס ריגלען, וועט פאַרטיליקן די איינוואוינער פון און-טאָל און די הערשער פון בית-עדן און עס וועט פאַרטריבן ווערן דאָס פּאָלק פון ארם".

דאָס זעלבע וועט געשען אין פלשתים-לאַנד מיט די שטאָט-מויערן און פּאַלאַצן פון עזה, אשדוד און אשקלון, מיט דער פיניקישער שטאָט צור, מיט די אדומישע שטעט תימן און בצרה. די עמונים, „וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין די גלעד-בערג, כּדי צו פאַרברייטערן זייער טעריטאָריע" אויפן חשבון פון די גלעדישע פּאַסטוכער, וועט אויך טרעפן די פאַרדינטע שטראָף. זייערע שטעט

געשטאָפּטע קעלבער, וואָס שפּילט אויפֿן האַרפֿע, וואָס האָט זיך ווי דוד צוגעקליבן כּלי־זמר. איר, וואָס טרינקט וויין פֿון די בע־קענס, וואָס שמירט זיך מיט די בעסטע בוימלען און קרענקט גאָרניט איף יוספֿס 1) צעבראָכנקייט. הערפֿאַר וועלן זיי פֿאַרטריבן ווערן די ערשטע, און עס וועט זיך ענדיקן די זויפֿעריי פֿון די אויסגעלייגטע.... איך פֿאַרהאַס יעקבֿס אַהל־לייט, און דיינע פּאַ־לאַצן האָב איך פֿיינט. און איך וועל אַריסגעבן (אָפּגעבן) די שטאָט מיט איר שפֿע... און עס וועלן פֿאַרוויסט ווערן די בערגלעך יצחקס, און ישׂראלס טעמפּלען וועלן חרובֿ ווערן, און אַנטקעגן ירבֿעמס הויז וועל איך אַרויסטרעטן מיטן שווערד"....

ביי די לעצטע ווערטער האָט געפּלאַצט די געדולד פֿון אמציה, דעם עלטסטן קיניגלעכן כּהן פֿון בית־אל; ער האָט געשיקט אָנ־זאָגן דעם קיניג ירבֿעם: „עמוס האָט אַנטקעגן דיר מורד געווען אָפֿן פֿאַר ישׂראל, דאָס לאַנד קאָן ניט אויסהאַלטן אַלע זיינע רייד. ווייל אַזוי האָט עמוס געזאָגט: ירבֿעם וועט שטאַרבן פֿון שווערד, און ישׂראל וועט פֿאַרטריבן ווערן פֿון זיין ערד".

און אַמציה האָט געזאָגט צו עמוסן: „זעער, גיי, אַנטלויף קיין יהודה־לאַנד, דאָרטן עס היין ברויט און זאָג דיינע נבֿיאות, אין בית־אל זאָלסטו ניט פּרוּוון מער נבֿיאות־זאָגן, ווייל דאָס איז אַ קיניגס־טעמפּל און אַ מלוכה־הויז".

אָבער עמוס האָט געענטפֿערט אמציהן:

„איך בין ניט קיין נבֿיא און ניט קיין נבֿיאס זון. איך בין אַ שמייסער און אַ סיקאָמאָרן־פּלאַנצער. האָט מיך יהוה גענומען פֿון הינטער די שאָף און געזאָגט: גיי, זאָג נבֿיאות איבער מיין פֿאָלק ישׂראל און איצט, הער יהוהס רייד: דיינע זין און טעכטער

1) די גלילשע באַפעלקערונג, וואָס שטאַמט דערהויפּט פון אפרים און מנשה, די זין פון יוסף.

שיך. זיי דאַרשטן, אַז דער שטויב פון דער ערד זאָל זיין אויפן קאָפּ פון די אָרעמע און די מילדע שלאָגן זיי אַראָפּ פון ווע... אין קליידער, געטומענע אַלם משכון (ביי אָרעמע) וואַלגערן זיי זיך ביי יעדן מזבח און ווין (אָפּגענומענעם) ביי די פאַראורטיילטע טרינקען זיי אין זייער גאָטס-טעמפל"....

„הערט דאָס דאָזיקע וואָרט איר בשן-בהמות וואָס אויפן שומרון-באַרג — ווענדט ער זיך מיט אַ ביטערער איראָניע, ספּעציעל צו די פרויען פון דער ישראלשער אַריסטאָקראַטיע — איר, וואָס רויבט די אומפאַרמעגלעכע און צערואינירט די אָרעמע, וואָס איר פאָדערט ביי אייערע מאַנען: ברענג און מיר וועלן טרינקען: יהוה שווערט ביי זיין הייליקייט, עס קומען אויף אייך אָן טעג און מען וועט אייך אַוועקפירן אין שיפלעך, און אייער סוף וועט קומען — אין פישער-שיפלעך".

ער קריטיקירט שאַרף די פאַרקריפטקייט פון די באַאַמטע און ריכטער, די פאַלשקייט פון רעליגיעזן קולט. ער זאָגט פאָראויס וועגן דעם הונגער און עלנט, וואָס וועלן אָנקומען אין לאַנד, וועגן דער רואינירונג פון די וויינגערטנער און פעלדער. און אויפגעבראַכט פון דער פּאָליטישער בלינדקייט פון פאָלק שרייט ער אויס:

„אוי, איר רואיקע, וואָס אין ציון, און פאַרטרויערטע, וואָס אויפן שומרון-באַרג.

גייט קיין כלנה און זעט, גייט פון דאָרטן אין דער הויפּט-שטאָט פון חמת, לאָזט זיך אַרונטער קיין גת פון פלשתים, זייט איר דען בעסער פון די דאָזיקע לענדער? אָדער איז אייער טעריטאָריע גרעסער פאַר זייערער? איר, וואָס פאַרבלענדט זיך פון אַ שלעכטן טאָג און האַלט זיך פעסט אויף די שטולן פון אומגערעכטיקייט. איר, וואָס ליגט אויף סאָפעס פון עלפאַנט-ביין, אויסגעצויגענע אויף אייערע בעטן, וואָס שפייזט זיך מיט אָקסן און

זיין נבֿואה־בוך פֿאַרענדיקט זיך מיט אַן אָפּטימיסטישער פּער־
ספּעקטיוו אויף דער צוקונפֿט:

„עס קומען אָן טעג, און עס וועט זיך אויסטרעפֿן דער אַקערער
מיטן שניטער.

און דער ווײַן־קעלטערער מיט זייער
און פֿון די בערג וועט טריפֿן זאַפֿט,
און אַלע הויכענישן וועלן זיך צעגיין.
איך וועל אומקערן מײַן פֿאָלק ישראל,
און זיי וועלן בויען וויסטע שטעט און אין זיי וואוינען,
וועלן פֿלאַנצן ווײַנגערטענער און טרינקען זייער ווײַן,
וועלן פֿלאַנצן סעדער און עסן זייער פֿרוכט.
און איך וועל זיי פֿאַרפֿלאַנצן אויף זייער ערד,
און זיי וועלן מער ניט אויסגעריסן ווערן פֿון דער ערד, וואָס
איך האָב זיי געגעבן".

ער שטעלט זיך פֿאָר אַ פֿרייע פּויערים־געזעלשאַפֿט, וואָס האָט
ניט איבער זיך קיין מלכים און כהנים, וועלכע זאָלן צונעמען
דעם גרעסטן חלק פֿון איר מי און אַרײַנציען זי אין מלחמות.
וואָס וועט זי לעבן און געניסן פֿון די פֿרוכט פֿון זייער אַר־
בעט. —

אויף אַן אַנדער אופֿן איז געקומען אין די רייען פֿון דער
נבֿיאישער באַוועגונג הושע בן בארי, — דער מענטש פֿון שטאָטישער
קולטור. ניט פֿון דאָרף, פֿון פֿי און די סיקאָמאָרן־וועלדער, נאָר
פֿון די לוסטיקע יום־טובֿים אין די סעדער און אויף די גרינע
הייכענישן, וואו די רעליגיעזע מאָלצייטן, די זנות און שכרות פֿון
דעם בעל־קולט האָבן עקאָנאָמיש און גייסטיק רואינירט דאָס פֿאָלק
און צונעמען בײַ אים די ווידערשטאַנד־קראַפֿט קעגן די פּאָליטישע
געשעענישן.

ער איז אפֿשר אַמאָל אַליין מיט אַ באַרוישטן קאָפּ פֿון ווײַן

וועלן פֿאַלן פֿון שווערד, דיין ערד וועט מיט אַ שטריק צעטיילט ווערן, און אויף אַן אומריינער ערד וועסטו שטאַרבן, און ישראל וועט פֿאַרטריבן ווערן פֿון זיין ערד".

און ווייטער האָט ער געזאָגט:

„הערט־צו, איר, וואָס שטרעבט צו הערשליגען דעם אָרעמען, צו פֿאַרטיליגן די לײַדנדע, וואָס אין לאַנד. וואָס איר זאָגט, ווען וועט אַריבער דער לבנה־מולד און מיר וועלן פֿאַרקויפֿן ברויט און עס וועט אַריבער דער שמיטה־יאָר און מיר וועלן עפֿענען די שפּײַכלערס און וועלן קלענער מאַכן די מאָס און גרעסער מאַכן דעם שקל און איינפֿירן פֿאַלשע וואָג. מיר וועלן פֿאַר געלט קויפֿן די אָרעמע לײַט און דעם אומפֿאַרמעגלעכן פֿאַר אַ פּאָר שיך און דעם אָפּפֿאַל פֿון ברויט וועלן מיר פֿאַרקויפֿן. יהוה שפּראַכט מיט ישראלס פּראַכט: איך וועל אויף אייביק ניט פֿאַרגעסן אייערע מעשים: קאָן דען אויף דעם ניט ציטערן די ערד און טרויערן יעדער איינוואוינער אירער?"....

און עס רייסן זיך איבער זיינע שטורמישע רייד. ער גייט אַראָפּ פֿון דער סצענע, און זיין ווייטערדיקער גורל בלייבט אונז אומבאַקאַנט. צי האָט ער זיך געראַטעוועט פֿון דעם צאָרן פֿון די בית־אל־באַאַמטע און כהנים און האָט געזען נאָך מיט זיינע אויגן, ווי די אשורישע רייטוועגן האָבן פֿאַרנומען דעם יורעאל־טאָל און אויסגעפֿירט דעם אורטייל, וועלכן ער האָט פֿאָראויסגעזאָגט, אָדער איז ער געפֿאַלן פֿון ווייערע הענט, און די פּאָליטישע קאַטאַסטראָפֿע האָט זיך צעשפּילט אויף זיין קבֿר?

ער איז יעדנפֿאַלס פֿאַראייביקט אין אונזער זכרון אַלס דער ערשטער פֿון די גרויסע פּאָליטישע נבֿיאים, וואָס זיינע רעדעס זיינען צו אונז דערגאַנגען, ער איז די לעבעדיקע בריק צווישן אליהו און ישעיהו. ער פֿאַרמאָגט דעם שטורמישן דרייסטן פּראָטעסט פֿון דעם ערשטן און דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין פֿון דעם צווייטן.

אירע זינד הורך אירע לײדן און זיך אומקערן צו איר ערשטן מאַן.

„משפּט דיך מיט אײער מוטער, משפּט דיך, װײל זי איז ניט מײן װײב, און איך בין ניט איר מאַן. זאָל זי באַזײטיקן איר איבערגעלאַסנקײט פֿון איר געזיכט און איר זנות פֿון צװישן אירע בריסט. אויב ניט, װעל איך די אויסטאָן נאַקעט, װי אין דעם טאָג װען זי איז געבאָרן, און זי מאַכן װי אַ מדבר און טויטן זי פֿאַר דאָרשט. און אויך אויף אירע קינדער װעל איך ניט דערבאַרעמען זיך, װײל זײ זײנען זנות־קינדער, װײל געזינדיקט האָט זײער מוטער, פֿאַרשעמט האָט זײער געװינערין, װעלכע האָט געזאָגט: איך װעל גײן נאָך מײן געליבטע, װאָס גיבן מיר מײן ברויט און װאַסער, װאָל און פֿלאַקס, בוימל און געטראַנק... איצט װעל איך אויפֿדעקן איר גאַנצע העסלעכקײט פֿאַר איר געליבטע און קײנער װעט זי ניט רעטן פֿון מײן האַנט. איך װעל פֿאַרשטערן איר פֿרײד, איר יום־טוב, ראש־חודש און שבת, און װעל פֿאַרװיסטן איר װײנשטאָק און פֿײגנבוים, װאָס זי האָט געזאָגט אויף זײ דאָס איז מײן גאָב, װאָס די געליבטע האָבן מיר געגעבן... נאָך דעם װעל איך זי איבעררײדן, אַװעקפֿירן אין מדבר, געבן איר דאָרטן אירע װײנ־גערטענער און פֿאַרװאַנדלען דעם װיסטן טאָל אין אַ נײער האָ־פֿענונג"....

װאָס באַטײטן דיזאָזיקע עראָטישע בילדער, װאָס פֿילן אָן דעם גאַנצן נבואה־בוך פֿון הושע? דאָס זײנען בילדער פֿון דער לעבנס־סביבה פֿון חער בית־אל אויסגעלאַסענער אַריסטאָקראַטיע, װאָס לאָזן זיך איר במילא גרינגער צו פֿאַרשטײן װי סתם פּאָלי־טישע רעדעס. און איבערלײגנדיק זײ אויפֿן לשון פֿון פּאָליטיק, באַטײטן זײ: ישראלס הערשנדיקע קלאַסן האָבן פֿאַרלאָרן זײער שטאַנדהאַפֿטיקײט, זײ האָבן אונטערגעראָבן די עקאָנאָמישע און רעכטלעכע יסודות פֿון דער געזעלשאַפֿט:

„עס איז ניטאָ קײן אמת, קײן מילדקײט, קײן גאָט־באַ־

אין עראָטישער התלהבֿות געשוואומען אין טונקעלן שטראָם פֿון העסלעכע פֿאַרגעניגנס, וועלכע עס האָט זיך אָפּגעגעבן, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פֿאַלן, די פֿאַרלאָרענע און דעמאָראַליזירטע שטאָטישע אַריסטאָקראַטיע. אָבער די גבֿורה-באַוועגונג האָט אים אַרויסגעציגן פֿון דעם גהינום פֿון דער זינקענדיקער געזעלשאַפֿט און ער האָט דעם גאַנצן שטורעם פֿון זיין עראָטישן גייסט אָפּגעגעבן דעם קאַמף אַנטקעגן די, וועמעס לעבנס-שטייגער איז אים געווען באַקאַנט אין אַלע דיינע איינצלהייטן. זיין ליידנשאַפֿטלעכן ליבע-געפֿיל, וואָס שלאָגט פֿון יעדן וואָרט זיינעם, האָט ער אַוועקגעשטעלט אין דינסט פֿון העכערע פּאָליטישע און עטישע צילן. ער בלייבט אָבער דער עראָטיקער צווישן די נבֿיאים. דער גרונט-מאָטיוו פֿון זיין כאַראַקטער איז די פֿלאַמענדיקע ליבע.

ע מ ו ס איז אומבארחמנותדיק אין זיין אורטייל. ער זעט די שטראָפֿנדיקע האַנט פֿון אימפּעריאַליזם, וועלכער רעכנט זיך פֿאַר דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט; ער זעט ניט קיין אויסוועג פֿון דעם אייזערנעם געזעץ פֿון דער געשיכטע. אַנדערש איז דאָס ביי הושען. ביי אים בויען זיך די סאָציאַלע באַציאונגען ניט נאָר אויף גערעכטיקייט, נאָר אויך אויף ליבע.

יהוה — איז דער גאָט פֿון גערעכטיקייט און פֿון ליבע. זיינע באַציאונגען צו ישׂראל און צו דער גאַנצער וועלט זיינען ענלעך צו די באַציאונגען פֿון אַ מאַן צו זיין היים-געליבטער פֿרוי. די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט פֿון ישׂראל איז ניט סתּם אַ פֿאַרברעכן, דאָס איז אַ זינד פֿון אַ פֿרוי קעגן איר מאַן, וועלכער הערט ניט אויף צו ליבן אַפֿילו בעת ער שטראָפֿט.

דער באַליידיקטער יהוה שטראָפֿט ישׂראל, אָבער בעת-מעשׂה דערשטיקט ער אין זיך דעם ליבע-געפֿיל, וואָס לעבט אין זיין האַרצן. ער ליידט און שטראָפֿט, כּדי דערנאָך מיט טאָפּעלער ליבע אויפֿצונעמען און צו האַלטן די זינדיקע, וואָס וועט אויסקויפֿן

פון זיינע פאַרבינדעטע וועלן קאָנען אָפּשטויסן די חילות פון אשור, איז נאָך אין לאַנד געווען אַן אָרט פאַרן שרייענדיקן פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט געהערשט אין די מלוכה-קרייזן און וועלכער האָט פאַרמאַכט דער פאָלקס-מאַסע די אויגן אויף דער סאָציאַלער פוילקייט פון די, וואָס זיינען אַמאָל דורך דער געשיכטע אייגנטלעך באַרופן געווען אויף צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

נאָך ירבעם דעם צווייטנס טויט (740 פאַר דעם קריסטלעכן צייט-חשבון) גייט אַראָפּ פון דער פּאָליטישער אַרענע די דינאַסטיע פון יהוא, אויף וועלכער די נביאים האָבן געלייגט אַמאָל זייערע האָפענונגען. אין ישראל גופא הערשט אין די מיליטערישע קרייזן אַריי-בעריי, אוזורפּאַטאָרן פאַרכאַפּן איינע נאָך די אַנדערע די פּאָליטישע הערשאַפט, דעזאָרגאַניזירן מער דאָס לאַנד און זוכן זיך איצט אַרעוואַנש אין דעם ביטער-קריג מיט יהודה, אין וועלכן עס ווערן אַריינגעצויגן אַרמעאישע מיליטער. פקח דער קיניג פון ישראל און רצין דער קיניג פון ארם, די דאָזיקע אָפּגעברענטע „האָלאָוועשקעס-שפּיצן, וואָס רייכערן זיך נאָך פון צאָרן“, וועלן אָנצינדן פון זייער דיט יהודה.

הושע כאַראַקטעריזירט אין איינעם פון זיינע בילדער דעם דאָזיקן צושטאַנד אַזוי:

זייערע מלכים האָבן זיי אויסדערוויילט אָן מיר,
די אָנפירער — אָן מיין וויסן...
אַלע ברענען זיי, ווי אַן אויוון, און פאַרניכטן זייערע ריכטער,
אַלע זייערע מלכים פאַלן,
קיינער רופט ניט צו מיר.

און דאָ, אין מיטן גאַנג פון סיריש-אפרימשן קריג, מישן זיך אַריין די אַשורישע אָקופּאַנטן, וואָס האָבן זיך שוין פריער געהאַט אָפּגעשטעלט ביי די טויערן פון דמשק און צפון פון לבנון-באַרג. דער אימפּעריאַליזם גייט פאָראויס ווי אַ סטיכיע, ווי אַ ים, וואָס איז

וואוסטיין אין לאַנד. פֿאַלש שווערן און ליקענען, און גזלנען, און גנבֿענען, און הולטייען איז געוואָרן אַ מנהג, און בלוט צו בלוט האָט דערגרייכט. דעריבער וועט טרויערן דאָס לאַנד און עס וועט אומגליקלעך זיין יעדער איינוואוינער אירער".

די זינד אַנטקעגן דער גערעכטיקייט ווערט באַשטראָפֿט. אָבער די שטראָף דערגרייכט ניט איר ציל, ווען עס בלייבט ניט וואַך אין האַרצן פֿון שטראָפֿער דער ליבע-געפֿיל.

און דורך ליבע וועט דערלייזט ווערן די וועלט.

---

פֿון די פּרימיטיווע פּאָליטישע רעדעס פֿון עמוס און די אָפּט-געפֿלדיקע עראָטישע נבֿיאות פֿון הושע דערהייבט זיך די פּאָליטישע נבֿואה וואָס ווייטער אַלץ העכער. די שטורמישע געשעענישן טראָגן זי אַהיים אויף דייערע וועלן. דאָס פֿאָלק אין דער פּראָווינץ ווערט פֿאַרצווייפֿלט און וואַרפֿט זיך אונטערטעניק צו די פֿיס פֿון די אָקופּאַנטן, און די פֿאַרבליבענע באַפֿעסטיקטע צענטערן, און אין יהודה טרינקען די הערשנדיקע קלאַסן ווייער לעצטן בעכער רוישיקן וויין, און וועלכן עס איז שוין אַריינגעמישט ביטערער סם.

אָבער מיט יעדן נייעם גאַנג פֿון דער אָקופּאַציע עפֿענען זיך איבער העם קליינעם לאַנד אַלץ ברייטער די האָריזאָנטן פֿון דער גרויסער וועלט, ווי אין דעם אויגנבליק פֿון אַ בליץ, וואָס שניידט דורך די נאַכט פֿון שטורעם. עס ווערן אויסגעראָט די לעצטע סימנים פֿון ענגן נאַציאָנאַליזם פֿון די פֿריערדיקע נבֿיאים. די זיינען איצט ניט נאָר בירגער פֿון זייער קליינעם פֿאָטערלאַנד, זיי זיינען וועלט-בירגער, און זייער קאַמף און פּראָפּאַגאַנדע-פּלאַץ זיינען אַלע פֿעלקער פֿון דער יבשה און אַלע אינזלען פֿון ים, וואָס זיינען אַריינגעצויגן אין דער וועלט-מלחמה

כל-זמן מען האָט נאָך געקאָנט גלויבן, ווי פֿריער אין דער צייט פֿון ירבֿעם דעם צווייטן, אַז דאָס מיליטער פֿון ישראל און

די פּלשתּים האָבן פאַרנומען די שטעט בײַם ברעג פון מיטל־לענדישן ים, אדום האָט אָפּגעוואָרפן יהודה פון דעם פּאָרט אילת אויפן רויטן ים, דער צפון פון יהודה איז רואינירט דורכן בירגער־קריג מיט ישראל. איז דאָס ניט גענוג, אַז יהודה זאָל זיך אַרומזען?

ווי זאָלט איר נאָך געשלאָגן ווערן,
אַז איר וועט זיך ווײַטער אײַך אָפּקערן?
יעדער קאָפּ איז קראַנק,
יעדער האַרץ טוט וויי,
פון פיאַטע ביזן קאָפּ איז אַלץ אומגעזונט.
אַ וואונד און בײַל און פרישע מכה,
ניט באַשמירט, ניט פאַרבונדן און ניט ווייך געמאַכט מיט בוימל.
אייער לאַנד איז וויסט, די שטעט פאַרברענט אין פייער,
אייער לאַנד עסן פרעמדע פאַר אייערע אויגן,
און די איז וויסט ווי נאָך אַן איבערקערעניש פון פרעמדע.
און ציון בלײַבט ווי אַ בײַדל אין אַ ווײַנגאָרטן,
ווי אַ נאַכט־לאַגער אין אַ גורקעס־גאָרטן,
ווי אַ באַלאַגערטע שטאָט.

דאָס לאַנד איז פאַרלאָרן און אָפּגעשוואַכט נאָך פון זײַן אינעווייניקסטער סאָציאַלער פוילקייט,

ווי אַזוי איז דאָס געוואָרן גלײַך צו אַ זונה די טרײַע שטאָט?
די איז געווען פול רעכט און גערעכטיקייט, איצט זײַנען אין איר רוצחים.

דײַן געלט איז געפעלשט,
דײַן ווײַן — געמישט מיט וואַסער,
דײַנע באַאַמטע — פאַררעטער,
מיטאַרבעטער פון גנבים,
אַלע האָבן זיי ליב שוחד,

אַרויס פֿון זײַנע ברעגן. ער פֿליט ווי אַן אָדלער, וועלכער האָט ברייט־צעשפּרייט זײַנע פֿליגלען און לאָזט זיך אויף זײַן קרבן און קיינער איז ניט אימשטאַנד אים אָפּצוהאַלטן.

זײַנע פֿײַלן זײַנען שאַרף,
זײַנע בויגנס — אָנגעצויגן,
די פּאַדקאָוועס פֿון זײַנע פֿערד זײַנען, ווי אַ צינד־שטיין,
און זײַנע רעדער ווי אַ שטורעם־ווינט.
זײַן געשריי איז ווי פֿון אַ לעמפּערט,
ער גרילט ווי לייבן,
ער ברומט און האַלט זײַן קרבן,
ער לאָזט אים אָפּ און קיינער איז ניט אימשטאַנד צו ראַטעווען.
ער וועט ברומען אין יענעם טאָג, ווי דער ים,
קוקן צו דער ערד איז פֿינסטער, ענג
און דאָס ליכט איז פֿינסטער געוואָרן אין די וואָלקנס.

אַזוי שילדערט דעם אימפּעריאַליזם דער גרעסטער פּאָליטישער נביא פֿון דער תּקופֿה ישעיה. פֿאַר אים איז שוין דער פּאָליטישער גורל פֿון דער צפֿון־מלוכה אַ באַשלאָסענער, נאָך איידער שלמנאסר האָט פֿאַרטריבן די פֿאָלקס־מאַסן פֿון לאַנד. דעראָזיקער גורל דאַרף דינען וויניקסטנס פֿאַר אַ לעבעדיקן בײַשפּיל פֿאַר דער „ייִנגערער שוועסטער" — יהודה.

און ישעיה קאָנצענטרירט די גאַנצע קראַפֿט פֿון זײַן געזעלשאַפֿטלעכער ווירקונג אין ירושלים. ער פֿירט דאָ אָן אַ ברייטע פּאָליטיש־דערציערישע פּראָפּאַגאַנדע. ער וויל דאָ דערגרייכן די ערשטע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, אַוועקלייגן דעם ערשטן גרונד־שטיין פֿאַר אַ „שטאָט פֿון גערעכטיקייט און טרייקייט", כּדי פֿון דאַנען דערנאָך צו פֿאַרברייטערן די הערשאַפֿט פֿון סאָציאַלן יושר און פֿעלקער־שלום אויף דער גאַנצער וועלט, וועלכע וועט דאַן אויס־דערוויילן ירושלים פֿאַר איר גייסטיקן צענטער.

די מזבחות פון דער פאַרמעלער אמונה, אַלץ וואָטער האָבן צו עסן
די כהנים פון קינגלעכן טעמפּל.

אָבער דער נביא קומט אויפן ציון-באַרג, גייט אַריין אין
דער עזרה, וואו מיט צופרידענע פנימער גייען אַרום די פאַרבלענדעטע
און טרעט-אַרויס מיט זיין דרייסטער און שאַרפער רעדע:

.הערט יהודים וואָרט, איר באַאַמטע פון סדום,
די לערע פון אונזער גאָט—די פאָלק פון עמורה.
צו וואָס זיינען מיר אייערע פילע שחיטות—זאָגט יהוה.
איך בין זאַט מיט געאָפּפּערטע לעמער,
מיטן פעטס פון געשטאָפּטע קעלבער,
מיטן בלוט פון אָקסן, שעפּסן און בעק.
איך וויל ניט—איר זאָלט קומען זען מיך,
ווער בעט אייך טרעטן מייגע הויפן?!-
ברענגט מער ניט קיין פאַלשע גאָב
אייער ווייהריך עקלט מיר...
אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט.
וואַשט זיך, רייניקט זיך,
באַזייטיקט פון מיינע אויגן אייערע שלעכטע מעשים
הערט אויף צו טאָן שלעכטס.
לערנט גוט, פאַרלאַנגט רעכט,
דיט באַהילפיק דעם באַרויבטן,
משפּט דעם יתום,
פירט דעם פּראָצעס פון אַן אַלמנה.

כגהריבס באַטאַליאָנען, וואָס זיינען טריאומפירנדיק דורכגע-
גאַנגען קליין-אַזיע, „הערנידעריקט די מעכטיקע בורגער און צע-
רויבט זייער צוקונפט", וועלכע האָבן אָפּגעשאַפן אַלע פאָליטישע
גרעניצן צווישן די קליינע לענדער אַרפּד, המת, כרכמיש און כלנה,
האָבן זיך דערנענטערט איך צו די מויערן פון ירושלים.

און יאָגן זיך נאָך געצאָלט.
אַ יתום משפּטן זיי ניט.
דער פּראָצעס פֿון אַן אלמנה דערגייט ניט צו זיי.

---

אוי, די וואָס דערפֿירן אַ שטוב צו אַ שטוב,
דערנעענטערן אַ פֿעלד צו אַ פֿעלד,
דען וועט איר זיך אַליין באַזעצן אין לאַנד?!...
אוי, די וואָס שטייען־אויף פֿרי און יאָגן זיך נאָך ביר,
זיצן שפּעט אין דער נאַכט, און דער ווייַן צינדט זיי אָן,
דעם פֿידל, די האַרפֿע, די פּויק און די פֿלייט
און וויַן צום טרינקען.
און יהוהס שאַפֿונג זעען זיי ניט...
דערפֿאַר ווערט פֿאַרטריבן מיין פֿאָלק אומבאַוואוסטזיניק,
און דייערע אַדעליקע וועלן פֿון הונגער שטאַרבן
און זייַנע מאַסן אויסמאַטערן זיך פֿון דאָרשט,
דערפֿאַר האָט די גרוב ברייט איר דייל פֿונאַנדערגעמאַכט
און פֿונאַנדערגעריסן איר מויל אָן אַ ברעג,
און סאיז אַראָפּ איר (ירושלימס) פּראַכט און טומל און געדויש
און איר פֿרייליכקייט.
דער מענטש האָט זיך איינגעבויגן און דערנידערט.

און ווען די הערשנדיקע קלאַסן פֿון ירושלים דערהערן די שניידיקע ווערטער פֿון דעם נביא, מאַכן זיי אַ פֿרומע מינע און מיט אַ פֿולער האַנט פֿרוון זיי איבערצובעטן גאָט, וועלכער האָט זיך צעבייזערט אויף זיי. פֿון די פֿעטע פּאַשע־פּלעצער, וואָס אין ירדן־טאָל, ווערט עס אַרבעטן צוליב די ירושלימער פּאַראַדיטן מהנות פֿון אָרעמע פּויערים, געקייפּטע און געהונגענע קנעכט, פֿירט מען פֿעטע אָקסן און געשטאָפּטע שעפּסן אויפֿן ציון־באַרג, און וואָס פֿלאַמענדיקער עס רעדט דער נביא, אַלץ מער טריפֿט בלוט אויף

פֿאַלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט איז געגאַנגען ווײַטער מיט אַ שטאַר-
קערן טעמפּ. דעם פּלוצלונגן אַוועקגאַנג פֿון די אַשורישע חילות
האָט מען דאָ איצט אויסגעטײַטשט אַלס אַ סימן פֿון יהודהס מאַכט
און גבֿורה. די אַמביציע פֿון די הערשער איז געוואָרן איצט ניט גע-
ווײנלעך גרזים, די מיליטערישע פּאַרטײ און די הויף-יועצים האָבן
איצט טריאומפֿירט, די פֿאַרמעגלעכע קלאַסן פֿון ירושלים האָבן
זיך מיט מער באַגײַסטערונג אָפּגעגעבן זײערע תּאוות און פֿאַרגעניגנס.
דער בעל-קולט האָט זיך ווידער צעבליט און דער הויפּט-שטאָט,
צוגעגעבן די אַלע לײַדנשאַפֿטן פֿון הערשנדיקן קלאַס דעם פֿאַלשן
שײַן פֿון אַ רעליגיעזער עבֿודה.

די הויף-פּאַרטײ מיטן יונגן קיניג מנשה און דער שפּיץ האָט
זיך איצט מיט נײַעם מוט און מיט פֿעסטער אַנטשלאָסנקײט זיך
געוואָרפֿן אויף אירע קריטיקער, וואָס האָבן איראָניש זיך באַצויגן
צו איר מאַכט און אָנגעוויזן אויף איר אינעווײניקסטער פֿוילקײט.

עס זײַנען אָנגעקומען טעג פֿון פּאָליטישן טעראָר און
פֿון שווערד. פֿון דער רעאַקציע איז געפֿאַלן דאַן, ווי עס מײנט
די פֿאָלקס-לעגענדע, — צווישן דער גרויסער צאָל פֿון זײַנע אָנהענגער
און תּלמידים, אויך דער אַלטער ישעיה, וואָס האָט הינטער זיך גע-
האַט אַ גלענצנדיקן לעבן פֿון פּאָליטישן קאַמף און האָט באַפֿרוכפּערט
דעם געזעלשאַפֿטלעכן געדאַנק פֿון די קומענדיקע דורות.

---

דער קראַנקער חזקיהו, אַנטוישט אין דעם ערפאָלג, וואָס עס וועט קאָנען האָבן דער ווידערשטאַנד פון זיין הייל, זוכט איצט הילף ביים אַלטן ישעיהו, וועמעס פּאָליטישע התראות זיינען די גאַנצע צייט איגנאָרירט געוואָרן אין קיניגלעכן הויף. וויסנדיק פון די ערנסטע קאָנפליקטן, וואָס האָבן זיך צעשפּילט אין קיניגלעכן הויף אין גיכע נאָך סנחריבס אַהיסמאַרשירן קיין מערב-אַזיע, הערנ-דיק וועגן דער קאָלאָסאַלער מגפה-עפּידעמיע, וועלכע הערשט אין סנחריבס לאַגער, איז ישעיהו געוואָרן איבערצייגט, אַז די אָקופּאַציע פון ירושלים וועט ניט פאָרקומען; אָבער די סיבות, צוליב וועלכע זי וועט זיך אָפּשטעלן, זיינען רייך-צופעליקע, דער טאָג פון ירושלימס ירידה, מוז קומען, ירושלים איז פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג. וועט זי ניט דערשלאָגן דער אשורישער אימפּעריאַליזם, וועט זי פאַלן שפּעטער פון דער האַנט פון בבלישן אימפּעריאַליזם.

אַזוי האָט געזאָגט יהוה וועגן דעם קיניג פון אשור:

עד וועט ניט קומען אין שטאָט,

עד וועט ניט וואַרפן אויף איר קיין פייל,

וועט זי ניט באַגעגענען מיט קיין פאַנצער,

עד וועט ניט אָנשיטן אויף איר קיין באַטאַרייעס;

אין דעם וועג, אויף וועלכן ער איז געקומען, וועט ער אַוועק

און אין שטאָט וועט ער ניט אַריין... —

אָבער טעג קומען אָן,

און מען וועט אַוועקטראָגן אַלץ פון דיין הויז,

אַלץ וואָס עס האָבן אָנגעזאַמלט ביז איצט דיינע עלטערן,

קיין בבל, קיין זאַך וועט ניט בלייבן.

סנחריב האָט איבערגעריסן אין מיטן די בלאָקאַדע פון ירושלים, די עפּידעמיע אין זיין הייל און די געשעענישן אין זיין פאָטער-לאַנד האָבן אָפּגעקילט זיינע אימפּעריאַליסטישע לײדנשאַפטן.

חזקיהו איז גיך געשטאָרבן, אָבער די אינעווייניקסטע צע-

כוהנים האָט זיך דורכגעטראָגן ווי אַ שטורעם־ווינט פון קליין־אַזיע אין צפונדיקן סוריא קיין יהודה, און די דעמאָראַליזירטע העלענע קלאַסן פון לאַנד, מיט אַרויסלאָזנדיק פון זייערע נעגל די אונ־טערדריקטע פאָלקס־מאַסן, האָבן זיך געוואָרפן פון איין קאָאַליציע צו דער צווייטער, כדי צו ראַטעווען זייערע פּאַלאַצן און ווײַנגער־טנער, — דינען אין ירושלים און אין זיינע לוסטיקע טעמפלען און סעדער אומגעגאַנגען מענטשן—הענקער, אין אַליינענעם העמד און פעלענעם גאַרטל. די האָבן זיך פרייוויליק אָפּגעזאָגט פון די פאַרגעניגנס פון דער זינדיקער געזעלשאַפט, פון גאָט, וועלכן די רייכע האָבן געשטאָפּט מיט פלייש ווי זייערע ווייבער און קינדער און דערלאַנגט אים אויף גאָלדענע מזבחות פעלט־קרבנות אין זיל־בערנע קערבער.

אָנשטאָט דעם טעמפּל־גאָט, דעם גאָט פון זאַטע הערן און אומ־גליקלעכע קנעכט, וועמעס אוצרות מען וועט מאָרגנדיקן טאָג מיט האַם און שפּאָט אַוועקטראָגן אויף די פלינקע מצרישע און אשורישע פערד, האָט ער געדאַכט זיין גאָט פון גערעכטיקייט, וועמעס טעמפּל איז אין דער מענטשלעכער נשמה, און וועלכער אַנטפּלעקט זיך אין פייער פון מענטשלעכן גייסט.

אָנשטאָט דעם קעניג, וועלכער שמירט זיך מיט בוימלען און שפּייזט זיך פון מענטשלעכן שווייס, זאַמלט די פּראַצע פון פאָלק, כדי אויסצובעטן עס הערנאָך צו די פיס פון העלענע טיראַנען, האָט זיך אים געמאָלט דאָס בילד פון דעם משיח־קעניג, וועלכער וועט אויפבויען די וועלט דורך גלייכקייט און גערעכטיקייט און זי אָנ־פירן מיט אַ מילדער און זיכערער האַנט:

„עס וועט אויף אים רוען יהוהם גייסט,
דער גייסט פון פאַרשטאַנד און באַוואוסטזיין,
דער גייסט פון ראַט און העלדישקייט
דער גייסט פון וויסן און אָפּשיי פאַר יהוה.

## 10. די סאָציאַלע אוטאָפּיעס פון די נביאים.

דער שטורעם פון בירגער־קריג צווישן יהודה און ישראל, אין וועלכן עס מישן זיך שפעטער אַריין אויך די אשורישע און מצרישע אָקופּאַנטן, ברענגט די נביאים צו אַ פולקומער אַנטוישונג אין דעם עקזיסטירנדיקן געזעלשאַפטלעכן סדר און שטויסט די פון קריטיק און פּראָפּאַגאַנדע צו לײדנשאַפטלעכע מחשבות וועגן אַ נייער אידעאַלער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אין דער צוקונפט. די שטרעבן און ציען זיך צו אים מיט דער גאַנצער קראַפט פון זייער טעמפּעראַמענט, די מאָלן אים אין די העלסטע פאַרבן, גייען־צו צו אים מיטן געפיל פון העכסטער פּיעטעט. אָבער די קאָנטורן פון דער צוקונפטס־וועלט בלייבן פאַר זיי אָפט ניט קלאָר, נעפלדיק, און נאָך ווייניקער קלאָר בלייבט פאַר זיי דער וועג, אויף וועלכן מען קאָן דערגרייכן דעם מאָדיקן גן־עדן, וואָס די האָבן זיך אויסגעמאָלט אין זייער עטישער פאָרשטעלונג.

אַזוי איז אויסגעוואַקסן יענע גרויסע סאָציאַלע אוטאָפּיע פון די נביאים, פון וועלכער די מיטלעלטערלעכע טעאָלאָגיע האָט אַרויסגענומען דעם גאַנצן סאָציאַלן תמצית און איבערגעלאָזן דעם שפּינוועבס פון רעליגיעזן רעפאָרמיזם.

מיר מיינען הערמיט דעם משיח־געדאַנק, וועלכער איז געבאָרן געוואָרן צום ערשטן מאָל ביי די גרויסע פּאָליטישע נביאים און האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ גאַנצער ריי פראַגמענטאַרע צוקונפטס־בילדער פון דער נבואה־ליטעראַטור.

בשעת שלמנאסרס חילות האָבן פאַר זיך געטריבן מחנות פון ישראלשע קנעכט איבער די אַ׳מענישע בערג און דעם סורישן ׃ דבר בעז

און פיל פעלקער וועלן גיין און זאָגן:
קומט און לאָמיר אַרויפגיין אויף דעם יהוה-באַרג,
און זאָל ער אונדז לערנען זיינע וועגן...
און זאָל ער משפטן צווישן די פעלקער,
און פאַרמיטלען צווישן די פיל נאַציאָנען.
די זאָלן איבעראַרבעטן זייערע שווערדן אין גראָב-אייזנס,
און זייערע שפיזן — אין גאָרטן-מעסערס.
אַ פאָלק אויף אַ פאָלק זאָל ניט אויפהייבן קיין שווערד,
און מען זאָל זיך מער ניט לערנען מלחמה צו פירן.

---

פאַרן טריבונאַל פון משיח-קיניג וועלן זיך שטעלן די פעלקער פון דער וועלט, זיי וועלן אים אַליין אויסקלייבן פאַר זייער שופט. און ער, דער דערליידער פון די אָרעמע, יתומים און אַלמנות, וועט קודם-כל אַרויסרייסן דעם שווערד פון זייערע הענט, וועט אָפּשטילן די מאַסן-רציחות און וועט פאַרוואַנדלען די בלוטיקע כלי-זיין אין געצייג פון פרידלעכער שאַפונג, און ער וועט אָנצינדן אַ חן פון מילדקייט און שלום אין די הימלען, וועלכע וועט וואַרעמען און לייכטן אַלעמען גלייך. אויפן קבר פון מיליטאַריזם, וואָס לאָזט איבער נאָך זיך וויסטע געגנטן, חרובע שטעט, צעטראָטענע פעלדער און גרויסע בית-עלמינס, וועט אויפגעבויט ווערן, לויט דער איניציאַטיוו פון משיח-קיניג, אַ וועלט-מלוכה, אַ מלוכה פון אַרבעט.

אין אַזעלכע אַלגעמיינע קאָנטורן מאָלן זיך די נביאים ווי מיכה און ישעיהו די קומענדיקע געזעלשאַפט, צו וועלכער זיי שטרעבן, פאַר וועלכער זיי קעמפן. אַלס אידעאַליסטן, גלויבן זיי אין דער קראַפט פון דער דערציאונג און איבערצייגונג, דורך וועלכער זיי וועלן קאָנען איבערבויען די וועלט. עס וועט קומען אַ צייט און דאָס פאָלק, אַלע פעלקער, וועלן זיי פאַרשטיין. די שווערע נסיונות פון דער צייט וועלן זיך פאַר זיי פאַרוואַנדלען

און ער וועט משפטן מיט גערעכטיקייט די אָרעמע,
און ער וועט מיט יושר פאַרמיטלען צווישן די ליידנדיקע
פון דער וועלט.
און ער וועט שלאָגן די וועלט מיטן חוט פון זיין מויל,
און מיטן גייסט פון זיינע ליפן וועט ער טויטן דעם אומ-
גערעכטן,
און די גערעכטיקייט וועט זיין דער גאַרטל אויף זיינע לענדן
און די טרייקייט דער גאַרטל פון זייגע....
און עס וועט וואוינען אַוואָלף מיט אַ שעפּס.
און אַ לעמפּערט וועט ליגן מיט אַ קאַלב,
אַ לייב און אַ געשטאָפּטער אָקס וועלן זיין צוזאַמען
און אַ קליין קינה וועט זיי אָנפירן.
אַ קו און אַ בער וועלן זיך פיטערן צוזאַמען,
צוזאַמען ליגן זייערע קינדער,
און אָקס וועט עסן היי באַגליך מיט די שאָף,
און אַ זויג-קינד וועט זיך שפילן ביי דער שלאַנגען-לאָך,
און צו דער לאָך פון אַן עקדעש שטעקט אויס אַן אנטווינט
קינה זיין האַנט.
די וועלן ניט טאָן קיין שלעכטס און ניט פאַרדאַרבן אויף
מיין גאַנצן הייליקן באַרג,
דען די וועלט איז געוואָרן פול מיט יהוה-באַוואוסטזיין, ווי
וואַסער, וואָס פילן אָן דעם ים.

---

און עס וועט זיין אין דעם סוף פון די יאָרן וועט דער
באַרג פון גאָטס-הויז זיין
אין דער שפּיץ פון אַלע בערג,
און ער וועט זיך דערהייבן איבער אַלע הויכעגישן
און עס וועלן זיך צו אים ציען אַלע פעלקער.

ירושלימער אַריסטאָקראַטיע, זייער פּסטקייט און אײַנגלאָסנקייט — און דעריבער איז ער פאַר זיי געווען שעדלעכער פון אַנדערע.

אין יענער צייט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען פון דער נבואה־באַוועגונג, און די נביאים האָבן ניט געקאָנט אַרויסטרעטן אָפן מיט זייער קריטיק און מיט זייערע צוקונפט־אידעאַלן, האָבן זיך, קאָנטיק, צום ערשטן מאָל גענומען ווייזן אין דער געזעלשאַפט די נבואה־ספרים. אמת, ווען דידאָזיקע ספרים פלעגן אָנקומען אין די הענט פון די מלכים און פון זייערע באַאַמטע, פלעגט מען די פאַרברענען אויפן פייער. אָבער ביז דאָס פלעגט געשען, פלעגן זיי פאַרשפּרייט ווערן אין גרויסע מאַסן אין פאָלק. די נביאישע יוגנט פלעגט זיי אַראָפּשרייבן געהיים פון דעם נביאס מויל, לייענען זיי פאַרן פאָלק אין די שטעט און דערפער.

אָבער די עצם סאָציאַלע אוטאָפּיעס פון די נביאים, וועלכע האָבן פריער געטראָגן אַן אַבסטראַקטן כאַראַקטער, האָבן איצט, אין דער צייט פון פּאָליטישן טעראָר, געדאַרפט אָנגעקליידט ווערן אין אַ לבוש פון אַ פאָלקס־דערציילונג, וועלכע זאָל קאָנען פאַרשריבן און פאַרשפּרייט ווערן אין די מאַסן.

ווען טאָמאַס מאָרוס האָט געוואָלט אין דער טונקעלער תקופה פון 17־טן יאָרהונדערט אין ענגלאַנד מאָלן זיין צוקונפט־מלוכה, האָט ער געמוזט אָנקליידן זיין שילדערונג אין דער געשטאַלט פון אַ דערציילונג וועגן דעם גליקלעכן אינזל „אוטאָפּיע", וועלכן ער האָט באַזוכט בשעת זיינע וואַנדערונגען איבערן ים. ווען די נביאים קומען מאָלן זייער צוקונפט־מלוכה, וואָס איז צייטיק געוואָרן אין זייער פאָרשטעלונג, טראָגן דיי זי ניט אַריבער געאָגראַפיש אין אַן אַנדער אָרט, נאָר היסטאָריש אין אַן אַנדער צייט; זיי פאַרבינדן זייער אידעאַל מיט דער גרויסער פּערזענלעכקייט פון אַ פאָלקס־פירער, וואָס האָט געלעבט מער ווי אַ האַלבן יאָרטויזנט פאַר זייער צייט און וועלכן עס איז איצט אוממעגלעך דער

אין אַ גרויסער שול, און האָן װעלן זיך עפּענען פאַר דער מענטש־הייט די טויערן פון יענער געטרוימטער װעלט.

דאָס דאָזיקע שטרעבן פון די נביאים צו אַן אַנדער מלוכה־אָרדענונג, װאָס איז לגמרי פאַרשײדן פון דעם עקסיסטירנדיקן און אין װעלכן עס דאַרפן ניט עקסיסטירן קײן רײכע און זאַטע הער־שער און קײן אָרעמע הונגעריקע קנעכט, — דאָס דאָזיקע שטרעבן האָט מער פון אַלץ אַנטקעגן די אױפגעװעקט העם צאָרן פון די מעכטיקע און האָט קענען די אַרױסגערופן רדיפות, װעלכע האָבן אין ישׂראל־לאַנד אין דער צײט פון אחאָב און אין יהודה אין דער צײט פון מנשה אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ גרױזאַמען בלוטיקן טעראָר. די נביאים און זײערע אָנהענגער, װעלכע האָבן קײן צײט ניט געהאַט צו באַהאַלטן זיך פון די צאָרנדיקע העספּאָטן און פון זײערע טרײע משרתים, — די כהנים און באַאַמטע, — זײנען געטויט געװאָרן; און די װײניקע, װאָס זײנען ניצול געװאָרן פון זײערע הענט, האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטעט, װאו זײ האָבן געפירט זײער געזעלשאַפטלעכע טעטיקײט, און באַהאַלטן זיך אין היילן און מדבריות. אין דער דאָזיקער צײט פון פּאָליטישן טעראָר, פון מנשהס מלוכה־צײט, איז, װי מען מײנט, געטויט געװאָרן אױך דער אַלטער ישעיהו, נאָך זײן לאַנגן לעבן פון ערנסטן און אומערמידלעכן קאַמף, נאָך דעם. װי ער האָט איבער־געלעבט פיר מלכים עזיהו, יותם, אחז און חזקיהו.

די לעגענדע דערצײלט, אַז ישעיהו איז געװען אַ מיטגליד פון דעם קיניגס פאַמיליע, זײן פאָטער איז געװען אַ ברודער פון קיניג אמציהו. װאָס פאַר אַ גרױסן רעװאָלוציאָנערן גײסט ער האָט געדאַרפט פאַרמאָגן, ער זאָל פאַרלאָזן די קיניגלעכע פּאַלאַצן פון ירושלים און באַהעפטן זיך צו די עלנטע און אָרעמע און פאַרטײדיקן זײערע אינטערעסן. ער האָט צו גוט געװאוסט דאָס לעבן פון דער

דער קאָלעגיע, וועלכע דאָס פאָלק ווילט אים אויס פאַר אַ מיט־אַרבעטער. „ווי קאָן איך אַליין טראָגן אייער מי, אייערע אינטערעסן און פּראָצעסן? באַשטימט זיך קלוגע, פאַרשטאַנדיקע מענטשן, און אָנגעזעענע צווישן אייערע שבטים, וועל איך זיי אַוועקשטעלן אין אייער שפּיץ". און ווען דאָס פאָלק פירט אים דעם פאַרלאַנג פון זיין לערער און פירער, הפּט יענער צוטיף די אויסדערוויילטע פאָלקס־פאַרטרעטער און גיט זיי פאָלגנדיקע אינסטרוקציע: „באַציט זיך אויפמערקזאַם צו אייערע ברידער, משפּט מיט גערעכטיקייט אייערע פאָלקס־ברידער און אויסלענדער, זייט ניט נושא־חן אין דין, הערט אויס דעם קליינעם ווי דעם גרויסן, דען דאָס רעכט געהערט צו גאָט".

די מלחמות, וועלכע ווערן דאָ געשילדערט, זיינען באַשטראַלט דורך דעם גייסט פון דער נביאישער וועלט־השקפה. דעם פאָלק, וואָס ווערט דערצויגן צו אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, אין וועלכער דער שווערה און שפּיז וועלן זיין איבערגעאַרבעט אין געצייג פאַר ערד־אַרבעט, קאָנען מער ניט דינען פאַר אַ אידעאַל די אַלטע אָקופּאַציע־מלחמות פון זייגע וואַנדערנדיקע עלטערן, וואָס האָבן זיך מיטן שטורעם און מיט הער פרימיטיווקייט פון בעדואינער אַריינגעריסן אין קולטור־לאַנד, אומגעבראַכט טויזנטער לעבנס און הרוב־געמאַכט שטעט. ישראל, אַלס אידעאַל פון די נביאים, אַלס פאָלק פון דער צוקונפט, וועט ניט צוליב זיינע ענגע אייגענע אינטערעסן איינעמען שטעט און לענדער, ער איז דער טרייער גאַרניזאָן פון יהוה, ער איז דער קעמפנדיקער פּיאָנערן־באַטאַליאָן פאַר דער סאָציאַלער גערעכטיקייט, דורך זיין האַנט ווערט דערפילט גאָטס־שטראָף איבער פעלקער. מיטן פאָלק איז שלאַכט־פעלד גייט דער לערער און פירער, ער האַלט אָפּ דאָס פאָלק פון קריגס־אַרויסטרעטונגען, וואו עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט צוניפצו־רידן זיך אויפן פרידלעכן אופן. קיין שטאָט טאָר ניט באַפאַלן

שווערד פֿון די הערשער און הענקער, — משה איז פֿאַר זיי געוואָרן איצט דער סימבאָל, דער טרעגער פֿון זייערע צוקונפֿטס-אידעאַלן, ער איז פֿון זיי געקרוינט געוואָרן אַלס דער פּ אַ ט ע ר פֿ ו ן ד י נ ב י א י ם.

משה איז פֿאַר דער נבֿואה-ליטעראַטור דער אידעאַלער טיפּ פֿון אַ פֿאָלקס-פֿירער און פֿאָלקס-לערער. און כּדי צו באַווײַזן דעם פֿאָלק קלאָר און בילדלעך, ווי אַזוי דערדאָזיקער אידעאַלער לערער און פֿירער דאַרף זיך פּראַקטיש באַגיין, מיט וועלכע מיטלען ער דאַרף דערציִען דאָס פֿאָלק צו די אידעאַלן פֿון גלײַכקייט און גערעכטיקייט און ווי אַזוי ער דאַרף שטרעבן צו אָרגאַניזירן די געזעלשאַפֿטלעכע באַציִונגען, איז אָנגעשריבן אין נבֿיאישן גייסט די געשיכטע פֿון משהס לעבן און פֿאָלקס-פֿירונג, וועלכע האָט שפּעטער געבילדעט (נאָך פֿאַרשיידענע שינויים) דעם היסטאָרישן טייל פֿון ס פֿ ר ד בֿ ר י ם.

ווען מיר קוקן זיך צו צו דעם געשילדערטן אידעאַליזירטן טיפּ פֿון משה, געפֿינען מיר אין אים אַ פֿולע פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם משיח-קיניג, וועלכן עס האָט אונדז געמאָלט ישעיה, און וועלכער ווערט דאָך אויך אין אמת כאַראַקטעריזירט אַלס „לערער און ריכטער פֿון די פֿעלקער.

ווי דער משיח-קיניג אַזוי איז אויך משה ניט קיין הערשער, וואָס געוועלטיקט איבער מענטשן, ער איז ניט דער שטאַרקסטער און שטאָלצסטער, וואָס איז „פֿון אַקסל אָן העכער פֿון גאַנצן פֿאָלק", ער איז, פֿאַרקערט, דער שטילסטער און „באַשיידנסטער פֿון אַלע מענטשן אויף דער ערד", ווײַל ניט אין פֿיזישער קראַפֿט, אין געוואַלט-טאַטן און מלחמות, ליגט דער מהות פֿון זײַן פֿאָלקס-פֿירונג. בשעת דער קיניג און די האַרן „בײַ אַנדערע פֿעלקער" בינדן אָן דעם פֿאָלק זייער רצון, טוען אים אָן איפֿן האַלז זייער יאָך, איז ער, דער אידעאַלער פֿאָלקס-פֿירער, נאָר דער עלטסטער צווישן

ווי ניט מעסיק עס זיינען דאָ צום טייל די פֿאָרשטעלונגען פֿון די נבֿיאים, אָבער ווי ווייט זיינען זיי פֿון דעם ווירקלעכן אויסזען פֿון די מלחמות אין דער אָקופּאַציע־צייט און בפֿרט פֿון די אימפּעריאַליסטישע מלחמות פֿון דער נבֿיאישער תּקופֿה. וואָס פֿאַר אַ אידעאָלאָגישער תּהום עס ליגט צווישן די דאָזיקע (וואָס זיינען שוין אייגנטלעך אַ שפּעטערע איבעראַרבעטונג) אידעאַלע פֿאַרשילדערונגען פֿון יהושע און שופֿטים־בוך, אַזאַ תּהום, וועלכן עס האָט זיך אומזיסט געפּרוּווט שפּעטער דער תּלמוד אויסגלייכן, וועלנדיק געפֿינען אַ איינהייטלעכקייט אין דער ביבלישער ליטעראַטור.

דער היסטאָרישער און סאָציאָלאָגישער תיש זאָגט, אַז אונטער דער פּאָליטישער מאַסקע פֿון היסטאָרישע דערציילונגען, ווערט אונז דאָ אין דער תּקופֿה פֿון דעספּאָטיזם און וועלט־מלחמות געגעבן אַ בילד פֿון דער צוקונפֿטיקער וועלט, אַ בילד, וואָס איז צו אונז שוין דערגאַנגען אין אַן אָפּגעבלייכטער געשטאַלט, ווייל אויף אים האָבן שוין דערנאָך געאַרבעט אין דער בבֿל־צייט מענטשן מיט אַנדערע טעמפּעראַמענטן און אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע כּוחות.

אָבער אַפֿילו אין זייער אָפּגעשוואַכטן געשטאַלט האָבן די סאָציאַלע אוטאָפּיעס פֿון די נבֿיאים ניט פֿאַרלאָרן זייער געוווּנטן רעוואָלוציאָנערן קערן, וועלכער האָט באַפֿרוכפּערט דעם געזעלשאַפֿטלעכן געדאַנק פֿון פֿאַרשידענע פֿעלקער אין צייטן..

---

ווערן, איידער עס איז איר פֿאַרגעלייגט צו שליסן שלום; נעמט זי אָן דעם שלום, ווערט ניט פֿאַרגאָסן קיין איין טראָפּן בלוט פֿון אירע בירגער. נעמט די שטאָט ניט אָן דעם שלום־פֿאָרשלאָג, דאַן ווערט געפֿירט אַ מלחמה נאָר צווישן די מאַנסלייט פֿון ביידע צדדים, די אומשולדיקע ווייבער און קינדער בלייבן אומבאַרירט. און אַפֿילו די מאַנסלייט טרעטן אַרויס אויף מלחמה נאָר אַלס פֿרייווילינקע; ס׳ווערן מער ניט אַרויסגעפֿירט מיט גוואַלט אויפֿן שלאַכט־פֿעלד גרויסע פֿאָלקס־מאַסן, וואָס זאָלן פֿאַרגיסן זייער בלוט פֿאַר אומבאַקאַנטע צילן. עס גייט אויפֿן שלאַכט־פֿעלד נאָר דער, וועד ס׳ווייס די צילן פֿון דער מלחמה און איז ביכולת דורכצודרינגען זיך מיט אמתער העלדישקייט, אָדער דער, וועמעס פֿרידלעכע אינטערעסן הייסן אים צו בלייבן אין דער היים, דער בלייבט אין דער היים.

„און די באַפֿעל־געבער זאָלן צום פֿאָלק זאָגן אַזוי: ווער עס דאָט אויפֿגעבויט אַ נייעם הויז און אים נאָך ניט באַניַיט, זאָל גיין און אומקערן זיך אַהיים, דען אויב ער וועט שטאַרבן אין שלאַכט, וועט אים אַן אַנדערער באַנייען. און ווער עס האָט פֿאַר־פֿלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן און אים נאָך ניט באַנוצט, זאָל גיין און אומקערן זיך אַהיים, דען אויב ער וועט שטאַרבן אין שלאַכט, וועט אים אַן אַנדערער באַנוצן, און ווער עס האָט אַ פֿרוי און זי נאָך ניט גענומען, זאָל גיין און אומקערן זיך אַהיים, דען אויב ער וועט שטאַרבן אין שלאַכט, וועט זי אַן אַנדערער נעמען; און ווייטער זאָלן זאָגן די באַפֿעל־געבער צום פֿאָלק: ווער עס איז אַ שרעקעדיקער און אַ ווייך־האַרציקער, זאָל גיין און אומקערן זיך אַהיים, און זאָל ניט אָפּשוואַכן זיינע ברידערס האַרץ, ווי זיין אייגענע״.

און ווען עס הייבט זיך אָן די שלאַכט, דאַרף מען זען וואָס־ווייניקער צעשטערונג אַרייַנטראָגן אין דער נאַטור. באַזונדער ווערט שטרענג פֿאַרבאָטן צו שניידן פֿרוכט־ביימער צו מלחמה־צוועקן.

פאָרם־באַוועגונג אין נביאישן גייסט, װאָס האָט געלאָזן צו־טיפע ווארצלען אין בירגערלעכן באַוואוסטזיין, און דער טרעגער האָט דיי פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט מער אַרויסרייסן. אַפילו אין די מעסיקע כהנים־קרייזן איז מען געווען גענייגט צו באַשטימטע רעפאָרמען. די רעאַקציאָנערע פאָליטיק האָט זיך געהאַלטן אויף די מיליטער־ און הויף־באַאַמטע.

עס איז אָבער געווען גענוג, אַז מנשה זאָל שטאַרבן און זיין זון אָמון זאָל פּרוּוון פירן ווייטער זיין רעאַקציאָנערע פּאָליטיק, ווי אין די הויף־קרייזן גופא האָט אויפגעפלאַקערט אַן אויפשטאַנד, אין וועלכן די כהנים און די מעסיקע נביאים האָבן, קאָנטיק, גענומען אַן אָנטייל, און אויפן אָרט פון געטויטן אָמון איז באַשטימט געוואָרן זיין אַכט־יאָריקער זון יאשיהו. (608 — 639 פאַר דעם קריסט־לעכן צייט־חשבון), וועלכער איז געוואָרן באַלד דער ליבלינג פון די נביאים און זייער אידעאַל פון אַ הערשער.

ווי ס'ווייזט אויס, דינען נאָכן טויט פון מנשה און נאָכן מאָרד פון אָמון באַזייטיקט געוואָרן פון הויף די רעאַקציאָנערע יועצים, די מיליטערישע באַאַמטע און בעל־כהנים, און די רעגירונג פון קיניג איז שוין געפירט געוואָרן אין ליבעראַלן גייסט.

עס קלינגען ווי אַ פראַגמענט פון אַ נביאישן פאָלקס־ליד די ווערטער, וואָס דינען צו אונז דערגאַנגען פון הערדאָזיקער צייט:

אַ קינד איז אונז געבאָרן,
אַ זון איז אונז געגעבן.
אויף אים איז אַרויפגעלייגט די הערשאַפט,
אים איז דער נאָמען געגעבן:
וואונדערלעכער עצה־געבער,

אייביקער פאָטער,
האַר פון שלום.

## 11. די מלוכה=רעפאָרם און די קאָנסטיטוציאָנעלע באַ=גרעניצונג פון דער מאָנאַרכיע.
### (621 פאַר דעם קריסטל. חשבון).

די מלוכה=צייט פון מנשה איז געווען אַ צייט פון פּאָליטישן טעראָר אין יהודה, ווי פריער די מלוכה=צייט פון אחאב אין ישראל. דער אַשורישער אָדלער האָט שוין פון דער וואָלקן=הויך געקוקט אויף יעדער באַוועגונג פון זיין קרבן. און כדי ניט צו דערוועקן די אומצופרידנקייט פון די אָקופּאַנטן, כדי אָפּצושטעלן אין לאַנד יעדער געזעלשאַפטלעכע קריטיק פון עקסיסטירנדיקן סדר, פון די עקסיסטירנדיקע פּאָליטישע באַציאונגען, כדי ניט צו פּאַראַליזירן די ליידנשאַפטלעכע אָנשטרענגונגען פון מיליטאַריזם, וואָס די נביאים האָבן באַגעגנט מיט אַ ביטערער איראָניע, — האָט מנשה פאָרגענומען די בלוטיקסטע רדיפות אַנטקעגן די שאַרפע קריטיקער פון זיין פּאָליטיק, קעגן די נביאים און קעגן אַלע אָנהענגער פון דער נביאישער יהוה=אמונה, אין וועלכער דער קעמפנדיקער יהוה טרעט אַליין אַרויס אַלס פאָטער פון רעוואָלוציאָנערן געדאַנק.

ווי אַמאָל, אין די טעג פון אחאב, האָט זיך געגאָסן בלוט פון רעוואָלוציאָנערע און פּאָליטישע קריטיקער אין יזרעאל און אין שומרון, אַזוי גיסט זיך איצט בלוט אין ירושלים. דאָס איז די צייט, וועלכע ירמיהו האָט שפּעטער געשילדערט מיט די ווערטער:

הער שווערד האָט געפרעסן נביאים,
ווי אַ צוקנדיקער לייב.

ער האָט די געפרעסן, האָט זיי אָבער ניט געקאָנט אויפפרעסן. די פּאָליטישע ירידה פון ישראל, האָט געשאַפן אין יהודה אַ רע=

דער ערשטער און וויכטיקסטער פרינציפ איז געווען די קאָנ־סטיטוציאָנעלע באַגרעניצונג פון דער מאָנאַרכיע. אַפילו די אַריסטאָ־קראַטישע קאָלעגיע פון די פאַמיליען־עלטסטע האָט פאַרלאָרן איר השפּעה אויף דער אויסוואַל פון קיניג. דאָס קיניגטום איז געוואָרן אַ ירושה־זאַך, און ווען נאָכן טויט פון אַ קיניג פלעגן בלייבן עט־לעכע זין, פלעגט גיכער פון אַנדערע די מיליטערישע פּאַרטיי, אַלס די השפּעהדיקסטע הויף־פּאַרטיי, הערכפירן אויפן טראָן איר ליבלינג. אָפט פלעגן זיך אין דער מיליטערישער פּאַרטיי גופא שפּאַלטן די מיינונגען, און דער שווערד פלעגט באַשטימען דעם גורל פון די קאַנדידאַטן.

און ווען דער קיניג פלעגט שוין אויסגעקליבן ווערן, פלעגט די גאַנצע מלוכה־פירונג אָפּהענגען פון זיין ווילן. אַפילו דער כאַ־ראַקטער־שוואַכער רחבעם באַראַט זיך נאָר מיט זיינע יועצים, אָבער באַשליסן באַשליסט ער אַליין זיין מלוכה־פּאָליטיק. נאָר ליבעראַלע מלכים, ווי יהושפט, פלעגן צונויפרופן צו פּאָליטישער מיטאַרבעטונג די „עלטסטע פון יהודה און ירושלים", אָבער אויך דאָס איז געווען זייער פרייער ווילן. אַלע געזעצן פלעגט געבן דער קיניג און זיי פלעגן פאַרשריבן ווערן הערכן קיניגלעכן שרייבער.

די רעפאָרם־פּאַרטיי האָט, קודם־כל, צוגענומען ביים קיניג די געזעצגעבערישע מאַכט. דער געזעצגעבער איז ניט דער קיניג, נאָר יהוה, וועלכער אַנטפּלעקט זיין ווילן דורך די נביאים. די העכסטע הערשאַפט געהערט דער פאַרזאַמלונג פון די פאָלקס־עלטסטע, וועלכע באַשטייען פון זיבעציק מיטגלידער נאָך דער צאָל פון די פאַרצייטיקע זיבעציק משפחות, וואָס האָבן געבילדעט דאָס פאָלק ישראל. אַלס קיניג קאָן אויסגעקליבן ווערן יעדער ביר־גער (ניט נאָר פון דוד׳ס פאַמיליע) און דער אויסדערווילטער קיניג איז שוין ניט מער אַן אומבאַגרעניצטער הערשער, ווי פריער, נאָר דער העכסטער פאָלקס־באַאַמטער, וועלכער באַקומט זיינע אינ־

די מאַכט איז גרויס,
און שלום אָן אַ ברעג.
דוזם טראָן און זיין הערשאַפט
ווערט אונטערגעשטיצט
דורך רעכט און גערעכטיקייט. —

שוין אויפן 18-טן יאָר פון יאשיהוס מלוכה האָט די רעפאָרם-פּאַרטיי געהאַט די פּראַקטישע מעגלעכקייט צו ווערן אַ מלוכה-פּאַרטיי. מעגלעך, אַז חלקיהו דער עלטסטער כהן פון ירושלים, און שפן דער קעניגלעכער שרייבער, וועלכע זיינען געשטאַנען, ווי עס זעט אויס, אין דער שפּיץ פון דער רעפאָרם-באַוועגונג, זיינען אַליין געווען אויך די דערציער פון יונגן קעניג. זיי זיינען גע-שטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די ירושלימער נביאים, צווישן וועלכע עס האָט אין יענער צייט פאַרנומען דעם השובסטן אָרט די פּרוי חולדה, די ווייב פון שלום דעם קליידער-היטער. צי האָבן זיי אַליין אויסגעאַרבעט דעם פּראָיעקט פון דער מלוכה-רעפאָרם, וועלכן חלקיהו האָט געפונען אין בית-המקדש, אָדער ער איז שוין אין אַ פריערדיקער צייט אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די נביאישע קרייזן אין צוזאַמענהאַנג מיט די סאָציאַלע שטרעבונגען — איז שווער צו זאָגן. ס'איז איצט אָבער קלאָר, אַז צוליב פּסיכאָלאָגישע און פּאָליטישע טעמים (אפשר ערשט נאָך יאשיהוס טויט) האָט מען אים מיחס געווען משהן.

עס איז אונז היינט אוממעגלעך פעסטצושטעלן, וואָס פון דעם געזעצלעכן טייל פון דעם אַזוי גערופענעם ספר דברים איז ווירקלעך אַ טייל פון דער יאשיהו-רעפאָרם און וואָס איז ניט מער ווי אַ ליטעראַרישער פּראָדוקט פון אַ שפּעטערדיקער צייט.

עריבער לאָזט זיך איצט וויסנשאַפטלעך רידן נאָר וועגן די יסודות, וועגן די גרונד-פּרינציפּן פון דער רעפאָרם, אָבער ניט וועגן אירע פּרטים.

האָט דער קעניג אַליין איבערגעלייענט פֿון דער טריבונע דעם נייעם געזעצבוך און האָט געשלאָסן דיין בונד מיטן פֿאָלק.

אַזוי האָט אין יהודה, נאָענט צו איר פּאָליטישער ירידה, געזיגט די ליבעראַלע פּאָליטיק, די מינימום־פּראָגראַם פֿון דער נביאישער באַוועגונג.

דער אונטערגאַנג פֿון דער צפֿון־מלוכה האָט שוין אָבער געהאַט אָפּגעשוואַכט די כּוחות פֿון יהודה ביזן גרונט. דער בירגער־קריג, דער דעספּאָטיזם, די סאָציאַלע עלנט האָבן שוין צו טיפֿע וואונדן געמאַכט אויפֿן פֿאָלקס־אָרגאַניזם. די הילף פֿון דער רעפֿאָרם איז געקומען צו שפּעט.

הולדה, וועלכע האָט געדאַרפֿט אין פֿלוג באַגריסן דידאָזיקע געזעצגעבונג, האָט פֿון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט אויף איר געקוקט זייער פּעסימיסטיש, די רעפֿאָרם האָט שוין ניט געקאָנט ראַטעווען דאָס לאַנד, וואָס איז אויסגעמאַטערט דורך מנשהס טיראַנישער מלוכה; יהודה איז שוין געווען פֿאַרורטיילט צום פּאָליטישן אונטערגאַנג.

און אַזוי איז געווען דער נביאהס ענטפֿער דער דעלעגאַציע:

„אין דעם קעניג פֿון יהודה, וואָס שיקט אייך בעטן יהוה, זאָגט אַזוי: ווייל עס איז ווייך געוואָרן דיין האַרץ און דו האָסט זיך אונטערגעגעבן פֿאַר יהוהן, הערנדיק וואָס איך האָב פֿאָראויסגעזאָגט וועגן דעם אָרט און זיינע איינוואוינער, וועלכע וועלן פֿאַרוויסט און פֿאַרשאָלטן זיין, און דו האָסט צעריסן דיינע קליידער און געוויינט פֿאַר מיר, — האָב איך צוגעהערט, זאָגט יהוה; איך וועל דיך ברענגען הערפֿאַר בשלום צו דיינע עלטערן און דיינע אויגן וועלן ניט זען די שלעכטס, וואָס איך וועל ברענגען אויף דעם־דאָזיקן אָרט".

אָבער אַפֿילו פֿאַר דעם פּונק טרייסט, וועלכן די נביאה האָט פֿאַרגונען דעם ליבעראַלן קעניג, איז שוין אייך ניט געווען קיין

סטריקציעס פון געזעץ. ער טאָר ניט האַלטן צופיל פערד, ניט נעמען זיך צופיל פרויען, ניט אָנזאַמלען זיך צופיל זילבער און גאָלד. „און ווען ער וועט זיך זעצן אויפן טראָן, זאָל ער זיך אָפשרייבן אין אַ בוך אַ קאָפּיע פון דערדאָזיקער לערע, און זי זאָל זיין מיט אים, און ער זאָל זי לייענען זיין גאַנץ לעבן, און ער זאָל זיך געוואוינען מורא צו האָבן פאַר יהוה זיין גאָט, היטן אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער לערע און דערפילן אַלע געזעצן. זיין האַרץ זאָל זיך ניט דערהויבן איבער זיינע ברי־דער, ער זאָל זיך ניט אָפּקערן פון דעם פאַרזאָג רעכטס אָדער לינקס, כדי ער זאָל דיין לאַנגע יאָרן ביי זיין מלוכה, ער און זיינע קינדער אין ישראל".

ווען דער קיניגלעכער שרייבער שפן האָט דורכגעלייענט פאַרן קיניג יאשיהו דעם פראָיעקט פון דער מלוכה־רעפאָרם און האָט זיך פאַררופן אויף יהוה, אַלס דעם העכסטן געזעצגעבער, איז דער ליבעראַלער קיניג שטאַרק איבערראַשט געוואָרן פון דעם תהום, וואָס ליגט צווישן דער ביזאַהעריקער מלוכה־פּאָליטיק און צווישן דעם נייעם פראָיעקט. ער האָט ערנסט איפגענומען דעם רעפאָרם־געדאַנק, ער האָט צעריסן זיינע קיניגלעכע קליידער און האָט גע־שיקט אַ דעלעגאַציע צו די נביאים מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „גייט און בעט יהוה פאַר מיר, פאַרן פאָלק און פאַר דאָס גאַנצע יהודה־לאַנד וועגן דעם געפונענעם (געזעץ־) בוך, וויל גרויס איז גאָטס צאָרן, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אויף אונז דערפאַר, וואָס אונזערע עלטערן האָבן ניט געהערט די ווערטער פון דעמדאָזיקן (געזעץ־) בוך און ניט געטאָן, וואָס אין אים שטייט געשריבן".

און ער רופט צונויף אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין יהוה־טעמפּל, און וועלכער עס באַטייליקן זיך די עלטסטע פון יהודה און ירושלים, אַלע איינוואוינער פון דער הויפּט־שטאָט און פאַרשטייער פון דער פּראָווינץ, און די כהנים און די נביאים, — און פאַר דער פאַרזאַמלונג

לעצטע האָפֿענונג אויף פֿרייהייט און זעלבשטענדיקייט. (609 פֿאַרן קריסטלעכן חשבון).

יהודה איז אַריינגעטראָטן אין אַ תקופֿה פֿון שווערן און ניט־גלייכן קאַמף, וועלכער האָט זיך גיך געענדיקט מיט איר אונטערגאַנג. דאָס ליכטיקע בילד פֿון דעם ליבעראַלן קיניג יאשיהו איז פֿאַר־אייביקט געוואָרן דורך דער ליטעראַטור אַלס דער לעצטער פּרווו צו באַנייען די דעמאָראַליזירטע געזעלשאַפֿט — אַ פּרווו, וואָס איז געקומען שוין לײַדער צו שפּעט.

אָרט אין דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט. הולדה האָט פֿאַרזען אַיין נייעם פּאָליטישן פֿאַקטאָר. מ צ ר י ם, האָט, נאָך אַ לאַנגער צייט פֿון פּאָליטישער שוואַכקייט, זיך ווידער געלאָזן קיין אַזיע, כּדי צו באַניַיען איר פּאָליטישע השפּעה איף די מזרח-לענדער. די רעפֿאָרם-פּאַרטיי האָט זיך אויך אָריענטירט די גאַנצע צייט איף אַשור; עס קאָן זיין, אַז דידאָזיקע צייט, אין וועלכער אַשור איז דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה פֿון שוואַכקייט, האָט זי געהאַלטן גראָד פֿאַר דעם גינסטיקן מאָמענט איף דורכצופֿירן אין לאַנד רואיק און ניט געשטערט די רעפֿאָרם; איר איבערפֿאַל איז געווען אָבער אין דעם, וואָס זי האָט ניט גענומען אין אַכט, אַז מיט דערדאָזיקער פּאָליטישער ירידה פֿון אַשור וועט זיך באַנוצן מצרים. עס זיינען אַפֿילו דאָ געניג ראיות, אַז די רעפֿאָרם-פּאַרטיי האָט זיך לכתחילה געשטעלט איף אַ פֿיינדלעכער פּאָזיציע צו מצרים. באַשרייבנדיק די געשיכטע פֿון דעם פּאַרציטיקן אַרויסגאַנג ישׂראלס פֿון מצרים, מאָלט זי אַ בילד פֿון פֿיינדלעכע באַציאונגען צווישן מצרים און ישׂראל, און פֿאַרבאָטנדיק דעם קיניג צו האַלטן פֿיל פֿערד, גיט די געזעצגעבונג בפֿירוש צו די ווערטער, „כּדי ער זאָל ניט אומקערן דאָס פֿאָלק אין מצרים, ד. ה. ער זאָל ניט פֿאַרבינדן קיין פֿריינדלעכע האַנדלס-באַציאונגען מיט מצרים, — דעם באַרימטעסטן מאַרק פֿון פּאַרציטיקן פֿערד-האַנדל.

אַלס טרייער אָנהענגער פֿון דער רעפֿאָרם-פּאַרטיי און פֿון דער נייער געזעצגעבונג האָט זיך יאשיהו ערלעך געהאַלטן ביי דער אַנטי-מצרישער אָריענטאַציע, און ווען פּרעה נכה האָט מיטן מצרישן מיליטער געוואָלט דורכגיין קיין קליין-אַזיע, האָט יאשיהו אים ביי מגדו פֿאַרשטעלט דעם טראַנזיט-וועג און איז געפֿאַלן אין שלאַכט, אַלס קרבן פֿון דער קורצזיכטיקייט פֿון זיין פּאַרטיי. זיין טויטן קערפּער האָט מען געבראַכט צו פֿירן קיין ירושלים. דאָס פֿאָלק האָט אים באַוויינט און מיט אים צוזאַמען אויך די

בנימל מיט זיינע באַאַמטע און כהנים און ווייבער זיינען מיט זייער גאַנצן פראַכט און גלאַנץ צוזאַמען אומגעקומען הינטער די מויערן פון דער ברענענדיקער הויפט-שטאָט.

די נביאים האָבן פאָראויסגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פון נינוה. די נביאישע לעגענדע דערציילט אַפילו פון דעם וואונדערלעכן צו-פאַל, וואָס איז געשען מיטן נביא יונה, וועלכער איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן קיין נינוה צו וואָרענען דאָס פאָלק פון דעם נאָענטן פּאָליטישן אונטערגאַנג, צו רופן אים „אָפּצוקערן זיך פון די שלעכטע וועגן, אָפּצוזאָגן זיך פון גוואַלט-טאַטן".

אָבער איידער עס זיינען נאָך געפאַלן די מויערן פון נינוה און די אונטערדריקטע פעלקער האָבן געוואָלט אָפּטעמען פריי, האָבן אַנדערע אימפּעריאַליסטישע מלוכות, וואָס האָבן פריער ניט געקאָנט אויפהייבן דעם קאָפּ, געפּרוּווט איצט אַריסרייסן די רויב פון מויל פון גוסטריקן לייב. קליין-אַזיע, סוריא און ארץ-ישראל איז אויסגעקומען איצט אויסצוהאַלטן דעם פּאָליטישן דרוק פון צוויי אַנדערע מלוכות: פון צפון זיינען אָנגעפאַלן די סקיטן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דרום-איראָפּע דורך די קאַווקאַזישע בערג, פון דרום זיינען אָנגעקומען מצרישע חיילות, כדי צו פאַרנעמען די אַזיאַטישע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך אויסגעגליטשט פון אַשורס האַנט.

אין יהודה, וואָס איז געווען נעענטער פון אַנדערע צו מצרים, איז מען נאָך יאשיהוס טראַגישן טויט געווען געצוואונגען צו אָריענ-טירן זיך אויף מצרים. ווייל פרעה-נכה איז נאָך דער שלאַכט פון מגדו אַריין אין לאַנד, האָט ער באַליגט מיט שווערע שטייערן, פאַרטריבן קיין מצרים יאשיהוס זון יהואחז, וואָס האָט זיך גע-האַלטן, ווי זיין פאָטער, ביי דער אַנטי-מצרישער אָריענטאַציע און האָט אָנשטאָט אים באַשטימט זיין ברודער אליקים.

## 12. דאָס אויפקומען פֿון בבל. ירמיהו.

ניט אויף לאַנג האָט דער מעכטיקער אַשור איבערגעלעבט דין חורבן ישראל. שוין ישעיהו האָט געפֿילט די נאָענטע גבֿיסה פֿון אַשור, ווען ער איז אין ירושלים, וואו ער איז געווען נאָר ניט לאַנג שוין דערגאַנגען סנחריבֿס חילות, אָפֿן אַרויסגעטראָטן מיט זײַנע פּאָליטישע רעדעס אַנטקעגן אַשור:

„שרעק דיך ניט מײַן פֿאָלק, וואָס אין ציון,
אַז אַשור זאָל דיך שלאָגן מיט זײַן רוט,
ער זאָל אויף דיר אויפֿהייבן זײַן שטעקן
אויף זײַן וועג קיין מצרים;
ווײַל נאָך אַ קורצער צײַט וועט זיך ענדיקן מײַן צאָרן אויף
דער וועלט [1],
יהוה וועט דערוועקן אויף אים אַ רוט...
און עס וועט אַראָפּגענומען ווערן זײַן לאַסט פֿון דײַן אַקסל
און זײַן יאָך פֿון דײַן האַלז,
און דער יאָך וועט פֿאַרוואַקסן ווערן פֿון פֿעטקייט".

עס איז אַריבער עפּעס מער פֿון אָנדערטהאַלבן הונדערט יאָר נאָך ישראלס פּאָליטישן אונטערגאַנג, ווען די אויפֿשטייענדיקע מאַסן פֿון בבל, פּרס און אַנדערע אונטערדריקטע פֿעלקער האָבן גע- שטורעמט די מויערן פֿון נינוה, און דער אַשורישער קיניג אַשור-

1) נאָך דער פֿאָרשטעלונג פֿון נביא עקזיסטירט דער אשורישער אימ- פּעריאַליזם נאָר אַזוי לאַנג, ווי ער איז נייטיק יהוהן, אַלס שטראָף-מיטל פֿאַר די פֿעלקער פֿון דער וועלט.

טיק אויף דער אינעווייניקסטער בוי־אַרבעט, וואָס וועט דאַרפֿן פֿאָר־קומען ביי אַלע באַדינגונגען.

ווייל תּגלת־פּלאסר דער דריטער, שלמנאסר און סנחריב פֿון אַשור, פּרעה־נכה פֿון מצרים — אַלע האָבן זיי זיך, סוף־כּל־סוף, דאַרשטיק געוואָרפֿן אויף די גאָלד־אוצרות פֿון די מלכים, אויף די פּאַלאַצן פֿון די רייכע. די פֿעלדער און ווייגערטנער פֿון די פּויערים, די קליינע הייזלעך פֿון די האַנטווערקער — האָבן ניט צו־געצויגן זייער אויג, שרעקן זיך פֿאַר זיי האָט דערביבער געדאַרפֿט דער עיקר די הערשנדיקע אַריסטאָקראַטיע. אָבער זי האָט דאָך אין פֿולער מאָס פֿאַרדינט אַזאַ שטראָף. איר גאָלה און פֿאַר־מעגן זיינען אַ פּראָדוקט פֿון דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט. די אָרעמע קלאַסן האָבן ניט וואָס צו פֿאַרלירן, פֿאַר זיי איז די הערשאַפֿט פֿון בבל אָדער מצרים, וואָס וועלן אָפּנעמען ווייערע שטייערן און ניט מישן זיך אין דעם אינעווייניקסטן לעבן פֿון לאַנד, אין פֿיל פּרטים בעסער ווי די הערשאַפֿט פֿון ווייערע איי־גענע מלכים. די מאַסע, וואָס איז דעמאָראַליזירט דורך דער איצ־טיקער מלוכה־פֿירונג, וועט נאָכן פֿאַלן פֿון דער מדינה, פּעאיקער ווערן איבערצואַנדערשן אירע אינעווייניקסטע סאָציאַלע באַציאונגען.

ניט גרינג, ניט אָן אַ טיפֿן אינעווייניקסטן קאַמף, איז ירמיהו דערגאַנגען צו דערדאָזיקער איבערצייגונג. אַלע זיינע אָפּגעריסענע, אָט שטורמישע, אָט מעלאַנכאָלישע געדאַנקען, זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿער נשמה־טראַגיק.

„איך שטאַרק זיך איבער דער אומעט,
מיין האַרץ טוט מיר וויי,
דער געשריי פֿון פֿאָלק דערגייט צו מיר פֿון דער וויטן...
פֿון פֿאָלקס־בראָך בין איך צעבראָכן געוואָרן.
איך בין פֿאַרפֿינסטערט געוואָרן, אַ וויסטעניש האָט מיך
אַנגעכאַפּט,

און דאָ איז ערשט אָנגעקומען די העכסט־טראַגישע תקופה אין דער פּאָליטישער געשיכטע פֿון יהודה. בבל, וואָס איז ביזן פֿאַלן פֿון נינוה געווען פּאָליטיש אונטערגעוואָרפֿן אַשור, האָט זיך איצט מיט איר גאַנצער באַפֿרייטער ענערגיע געלאָזן אויף די מערב־פּראָווינצן, כדי ניט צו דערלאָזן זייער אָקופּאַציע מצד מצרים. אויפֿן באָדן פֿון קליינעם ארץ־ישראל האָט געדאַרפֿט איצט פֿאָר־קומען די באַגעגעניש פֿון די צוויי גרעסטע אימפּעריאַליסטישע מלוכות פֿון דער דאַמאָלסטיקער וועלט.

אין יהודה האָבן די געשוואָרענע פּאָליטיקער און די קליין־קעפּיקע הויף־לייט זיך געוואָרפֿן צעמישט פֿון איין קאָאַליציע צו דער צווייטער, ניט פֿאַרשטייענדיק, אַז פֿאַרן שעפּס איז אייגנטלעך קיין אונטערשייד ניט, צי עס וועט אים צערייסן דער לייב אָדער דער אָדלער, אַז דער שטורעם פֿון קאַמף וועט די אַלץ איינס טראָגן צום שטאַרקערן און אַז איר פּאָליטישער גורל וועט אייגנט־לעך באַשלאָסן ווערן אין שלאַכט צווישן די בבלישע און מצרישע חילות.

און דאָ האָט דער אומגעוויינלעך־ערנסטער קריטישער מאָמענט אין דער פּאָליטישער געשיכטע פֿון לאַנד, אַרויסגעפֿירט אויף דער פֿאָלקס־טריבונע אַ נביא, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון אין די געשעענישן און וועלכער האָט זיך ניט אָריענטירט ניט אויף בבל, ניט אויף מצרים, נאָר אויף דער גערעכטיקייט און קעגן דעם אימפּעריאַליזם בכלל מיט זיין פּאָליטיק פֿון פֿאַר־שקלאַפֿונג.

פֿאַר אים איז געווען קלאָר, אַז יהודה וועט פּאָליטיש פֿאַלן אין קאַמף מיט שטאַרקערע כוחות און אַז שטעלן זיך אַנטקעגן זיי איז ניט קיין העלדישקייט, נאָר אַן אומגליק. די כוחות, וואָס וועלן אַוועקגיין אויף אַ צוועקלאָזער פֿאַרטיידיקונג, זיינען ניי־

פֿאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס האָט אָנגעזאָגט מיין פֿאָטער,
בײַ דיר איז אַ ייִנגל געבאָרן, — ער האָט אים כּלומרשט דער־
פֿרייט!
פֿאַרוואָס האָט מען מיך ניט געטויט אין מוטער־לייב?
וואָלט מיין מוטער מיר אַ קבֿר געווען,
און איר מוטער־לייב — אַ אייביקע שוואַנגערשאַפֿט.
פֿאַרוואָס בין איך אַרויס פֿון מוטער־לייב צו זען פּיין און
אומעט,
און אין שאַנד פֿאַרגייען מיינע טעג!"
און באַזינגט דעם געפֿיל פֿון אינעווייניקסטער פֿאַרביטערונג,
אַרבעט ער אויס אַ קלאָרע פּאָליטישע איבערצייגונג, וואָס ער זאָגט
אַרויס אָפֿן אין זיינע רעדעס, ניט געקוקט אויף אַלע פֿאַרפֿאָלגונגען.
אין דער מלוכה־צייט פֿון יהויקים (אליקים), איידער עס האָט
זיך נאָך אָנגעהויבן די באַלאַגערונג פֿון ירושלים דורך די בבֿלישע
חילות, האָט ער אין איינער פֿון זיינע רעדעס, וואָס זיינען געווען
געווענדט צום קיניג, געזאָגט:
„אַזוי האָט געזאָגט יהוה: גיי אין פּאַלאַץ פֿון יהודהס קיניג
און האַלט דאָרטן פֿאָלגנדיקע רעדע און זאָג אַזוי: הער יהודהס
וואָרט, דו קיניג פֿון יהודה, וואָס דו זיצסט אויף דודס טראָן,
און איך דיינע באַאַמטע און דיין פֿאָלק, וואָס קומען אַריין אין
די דאָזיקע טויערן; אַזוי האָט יהוה געזאָגט: טוט רעכט און גע־
רעכטיקייט, ראַטעוועט דעם באַרויבטן פֿון דעם רויבערס האַנט,
נאַרט ניט דעם פֿרעמדן, דעם יתום און די אלמנה, גזלט ניט, פֿאַר־
גיסט ניט קיין רייגע בלוט אין דעם אָרט. ווען איר אַזוי טאָן,
וועלן אין די טויערן פֿון דעם הויז אַריינקומען מלכים, וואָס וועלן
זיצן אויף דודס טראָן... ווען איר וועט אָבער ניט צוהערן די דאָזיקע
ווערטער, שווער איך, — זאָגט יהוה, — אַז פֿאַרוויסט וועט ווערן דער־
דאָזיקער פּאַלאַץ"

איז הען ניטאָ קיין באַלזאַם אין גלעד?
איז הען דאָרטן קיין רופא ניטאָ?
פאַרוואָס איז ניט געפונען געוואָרן קיין רפואה פאַר מיין
פאָלק?!

ווען מיין קאָפּ וואָלט געווען פול וואַסער,
און מיין אויג אַ טרערן־קוואַל,
וואָלט איך טאָג און נאַכט געוויינט אויף די דערשלאָגענע
פון מיין פאָלק".

ביי דעמדאָזיקן טיפן ליבע־געפיל צו דער מאַסע, וואָס לעבט איבער אַלע שרעקלעכע יסורים פון דער באַלאַגערונגס־צייט, איז פון אים ניט פאַרבלענדט די דעמאָראַליזירטקייט פון פאָלק.

„ווער גיט מיר אַ נאַכט־לאַגער אין מדבר,
איך וואָלט פאַרלאָזן מיין פאָלק און אַוועקגעגאַנגען פון זיי.
אַלע דיינען זיי הולטייעס, אַ פאַרעטער־באַנדע...
היט זיך יעדערער פאַר זיין פריינד,
פאַרטרויט זיך ניט אויף אַ ברודער,
אַ ברודער נאַרט אָפּ,
אַ פריינד פאַרראַט".

אויך ער פּערזענלעך איז געווען אַרומגערינגלט מיט פאַרברעכער. דיינע שטאָט־לייט, די איינוואוינער פון ענתות, האָבן אים ניט איינמאָל געוואָלט אַרויסגעבן דער קיניגלעכער פאָליציי. אין ירושלים האָט אים דאָס פאָלק ניט איינמאָל אַרויסגעגעבן, בשעת ער האָט געהאַלטן זיינע רעדעס, און אַ לאַנגע צייט איז אים אויסגעקומען צו זיצן אין תפיסה.

אין מינוטן פון פּאָליטישער פאַרצווייפלונג האָט ער אַפילו גע־שאָלטן זיין לעבן און געבעטן אויף זיך דעם טויט:
„פאַרשאָלטן זאָל זיין דער טאָג, אין וועלכן איך בין געבאָרן,
דער טאָג, ווען מיין מוטער האָט מיך געבאָרן, זאָל ניט
זיין געבענטשט,

איבערגעשטרעקטער האַנט און מיט אַ שטאַרקן אָרעם און מיט גרויס צאָרן און איך וועל שלאָגן די איינוואוינער פון שטאָט, פון אַ גרויסער עפּידעמיע וועלן זיי שטאַרבן, און דערנאָך, זאָגט יהוה, וועל איך איבערגעבן צדקיהון, דעם קיניג פון יהודה, און זיינע באַאַמטע און דאָס פאָלק, וואָס וועט פאַרבלייבן אין שטאָט פון דער עפּידעמיע, פון שווערד און פון הונגער, אין דער האַנט פון נבוכדנצר דעם קיניג פון בבל"...

און איך די דאָזיקע רעדע, וועלכע איז געהאַלטן געוואָרן אין דער קריטישסטער מינוט, ענדיקט זיך מיט די ווערטער „איר די־נאַסטיע פון דוד, אַזוי זאָגט יהוה: שאַפט פון פרימאָרגן 1) רעכט, ראַטעוועט דעם באַרויבטן פון דעם רויבערס האַנט, עס זאָל ניט אַרויס מיין צאָרן - ווי פייער און אים ניט ברענען ניט צום פאַרלעשן פאַר אייערע שלעכטע מעשים".

פאַר איינער פון אַזעלכע רעדעס האָבן די קיניגלעכע באַאַמטע געכאַפּט ירמיהון און אַריינגעזעצט אין אַ פינסטערער אונטערערדישער תפיסה, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר ערגסטע מלוכה־פאַר־ברעכער. עס איז אים געמאַכט געוואָרן הער פאַרוואורף, אַז ער שוואַכט אָפּ אין דער ערנסטער מינוט דעם קאַמפס־מוט פון דעם שווער געפרוווטן יהודהס חייל.

אַ צייט האָט נאָך דער שווערד און הונגער געהערשט איבער דער תפיסה, וואו דער נביא איז געווען לעבעדיקערהייט באַגראָבן און וואו ער האָט שוין געוווינען זיין קלאָג־ליד איך יהודהס פאָ־ליטישן אונטערגאַנג.

די אַלע קרבנות זיינען געווען אומזיסט. ירושלים איז גיך געפאַלן, דאָס מיליטערישע און אַריסטאָקראַטישע ירושלים, אַלע וואָס האָבן זיך אַזוי לײַדנשאַפטלעך געהאַלטן און געראַנגלט פאַר די לעצטע שפּורן פון מאַכט און הערשאַפט, זיינען אַוועקגעפירט

1) דאָס הייסט, באַצייטנס.

„וויי צו דעם, וואָס בויט זיין הויז (פּאַלאַץ) אָן גערעכטיקייט
און זיינע טעראַסעס — אָן רעכט, וואָס לאָזט אַרבעטן דעם צווייטן
אומזיסט און גיט אים ניט זיין אַרבעטס-לוין. (וויי דעם), וואָס
טראַכט, איך וועל זיך אויפֿבויען אַ קאָלאָסאַלן פּאַלאַץ און באַ-
קוועמע טעראַסעס, דורכהאַקן פֿענסטער, צודעקן מיט צעדער-האָלץ
און איבערפֿאַרבן מיט פֿאַרב!

וועסטו דען קיניגן? דען גלייכסטו דיך צו דיין רידיקן פֿאָ-
טער 1)? ער האָט געגעסן און געטרונקען און געטאָן רעכט און
גערעכטיקייט, — איז אים גוט געווען. ער האָט געמישפּט אָרעמע
און אומפֿאַרמעגלעכע — איז אים גוט געווען... — דיינע אויגן און
דיין האַרץ זיינען אָבער נאָר צו דיין האָב און צו פֿאַרגיסן ריין
בלוט, צו גזלנען און צו ראַבעווען“...

אין דער שטאָלצער אָפֿענער רעדע, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט
דער אינעווייניקסטער פֿאַרביטערונג פֿון דעם נבֿיא, ווייזט ער נאָך
אָן אויף אַן אויסוועג פֿון דער לאַגע: טאָן גוטס, באַזייטיקן דאָס
סאָציאַלע אומרעכט איז נאָך ניט צו שפּעט.

אָבער ווען נאָך יהויקימס טויט ווערט די באַלאַגערונג פֿון
ירושלים אַלץ שווערער צו דערהאַלטן, און דער שווערד און הונגער
ברענגען טעגלעך אום אַלץ נייע קרבנות, און ווען צדקיהו, פֿאַר-
צווייפֿלט און פֿאַרלאָרן, שיקט צום נבֿיא נאָך הילף, ווענדט זיך
ירמיהו מיט פֿאָלגנדיקער רעדע צו די קיניגלעכע שלוחים, וואָס
קלינגט אַלס ענדגילטיקער פּאָליטישער אורטייל:

„זאָגט אַזוי צו צדקיהון: אַזוי האָט געזאָגט יהוה ישׂראלס
גאָט, איך ווענד אום די געווער, וואָס אין אייערע הענט, מיט
וועלכע איר קעמפֿט אַנטקעגן דעם בבֿלישן קיניג און די כּאַל-
דער, וואָס באַלאַגערן אייך פֿון יענעם זייט מויער, וועל איך
אַריינפֿירן אין שטאָט און וועל מיט אייך מלחמה האַלטן מיט אַן

1) צו יאשיהו.

אַלטער צענטער פֿון דער ישׂראלישער דעמאָקראַטיע, מ צ פּ ה. גדליהו האָט צונויפֿגעקליבן די פֿאָלקס-עלטסטע פֿון דער פּראָווינץ אויף צו באַטראַכטן די פֿראַגן פֿון פֿאָלקס-לעבן און האָט אויפֿגעזאַמלט אַרום זיך די צעזייטע און די צעלאָפֿענע. דער נביא האָט געוואָלט איצט אַרבעטן בײַ דעם אויפֿבויען פֿון דער געזעלשאַפֿט. די אויס-ווייניקסטע אָפּהענגיקייט פֿון בבל האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. זײַן רעוואָלוציאָנערער באַוואוסטזײַן האָט אים פֿאָראויסגעזאָגט די נאָענ-טע מפּלה פֿון דער קינסטלעך-אויפֿגעשטעלטער מלוכה:

„די מויערן פֿון גרויסן בבל וועלן רואינירט ווערן,
און זײַנע הויכע טויערן וועלן אין פֿייער פֿאַרברענט ווערן!“

און ווען דער בלינדער צדקיהו איז געגאַנגען מיט זײַן הייל געפֿאַנגען קיין בבל, האָט ירמיהו איבערגעגעבן איינעם פֿון די געפֿאַנגענע אָנהענגער זײַנעם אַ בריוו, וועלכן ער האָט געדאַרפֿט אי-בערלייענען אָפֿן פֿאַרן פֿאָלק פֿון בבל, דער הויפּט-שטאָט פֿון טריאומפֿירנדיקן אימפּעריאַליזם און אויסרופֿן:

„יהוה, דו האָסט געזאָגט וועגן דעמדאָזיקן אָרט,
אַז ער וועט פֿאַרשניטן ווערן, און בלײַבן אָן אײַנוואוינער,
אָן מענטשן, אָן פֿי — אַן אייביקע וויסטעניש“...

און ווען דאָס פֿאָלק וועט איבערהערן דעם גרויזאַמען אורטייל פֿון דעם רעוואָלוציאָנער פֿון באַזיגטן יהודה, זאָל ער צובינדן אַ שטיין צום בריוו, אַרײַנוואַרפֿן אים פֿאַר אַלעמענס אויגן אין טײַך פּרת און אויסשרייען:

„אַזוי וועט אײַנגעזונקען ווערן בבל און וועט ניט אויפֿשטיין,
פֿון די שלעכטס, וואָס איך ברענג אויף איר, און וועט מיד
ווערן“.

בײַ אַזאַ אָפּשאַצונג פֿון דער בבלישער הערשאַפֿט האָט ירמיהו געלייגט געוויס גרויסע האָפֿענונגען אויף דעם פֿאַרבליבענעם ישוב פֿון לאַנד, וועלכער האָט זיך באַפֿרייט פֿון דעם דרוק פֿון זײַנע

געוואָרן געפֿאַנגען, און די שטאָט איז פֿאַרברענט געוואָרן אין פֿייער.

די פּראָווינציעלע מאַסן פֿון פֿאָלק, וואָס זיינען געזעסן אויפֿן פֿרייען לאַנד און זיך פֿאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, האָבן זיך קאַנטיק אָן ווידערשטאַנד אונטערגעגעבן דעם בבלישן מיליטער, און די איז דערלויבט געוואָרן צו בלייבן אין זייער היים און פֿאַרנעמען זיך מיט זייער פֿרידלעכער אַרבעט.

ווען ירושלים איז איינגענומען געוואָרן, האָבן די אָקופּאַנטן באַפֿרייט ירמיהון פֿון זיין תּפֿיסה און צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע בירגער פֿון שטאָט געפֿירט אים געפֿאַנגען און געשמידט אין קייטן קיין בבל. און ערשט אין וועג האָט נבוזראדן, דער אָנפֿירער פֿון בבלישן מיליטער, אַראָפּגענומען פֿון אים די קייטן און געלאָזט אים גיין אין דער פֿרייער וועלט. צי איז דאָס געשען דערפֿאַר, וואָס די בבלישע אָקופּאַנטן האָבן געפֿונען פֿאַר ניט גערעכט צו באַשטראָפֿן דעם, וואָס האָט אַליין פֿאָראויסגעזאָגט דאָס פֿאַלן פֿון ירושלים און געראָטן זיך פֿרייוויליק אונטערגעבן, אָדער זיי האָבן געוואָלט אויסמיידן די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פֿון דעם נביא צווישן די פֿאַרטריבענע, — ס'איז אוממעגלעך צו זאָגן אויף געוויס; איינס ווייסן מיר קלאָר, אַז באַלד נאָך זיין באַפֿרייאונג האָט ירמיהו זיך אומגעקערט צוריק אין זיין פֿאָטערלאַנד.

דאָרטן איז געווען פֿאַר אים איצט אַ פֿעלד פֿאַר אַרבעט צווישן די פּראָווינציעלע מאַסן פֿון זיין פֿאָלק, וועלכע האָבן זיך גערעדאַרפֿט פּאָליטיש אויסגיכטערן נאָכן פֿאַלן פֿון ירושלים. גדליהו בן אחיקם, אַן אָנהענגער פֿון דער נביאישער באַוועגונג, איז מיט דער דערלויבעניש פֿון דער בבלישער מאַכט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פֿון דער אָרטיקער זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג. פֿאַר אַ פּאָליטישן צענטער איז איצט אָנשטאָט ירושלים, דעם חורבן מיטלפּונקט פֿון דער פֿאַרטריבענער אַריסטאָקראַטיע, אויסגעקליבן געוואָרן דער

מצרישער קאַאַליציע קעגן בבל. מיט געוואַלט האָבן זיי אַהין מיט־געשלעפּט אויך דעם אַלטן רעוואָלוציאָנער.

אַזוי איז צעשטערט געוואָרן די לעצטע האָפענונג פון באַנייען די געזעלשאַפט.

אויף ביידע פראָנטן פון בבליש־מצרישן וועלט־קריג האָבן איצט געקעמפט קנעכט פון יהודה־לאַנד, און דער נביא, באַ־טראַכטנדיק דעמדאָזיקן קאַמף, האָט מיט דערזעלבער רעוואָלוציאָנערער דרייסטקייט, ווי קעגן בבל, געמאַכט זיין גרויזאַמען אָנ־זאָג אויך בנוגע צו מצרים.

„נעם גרויסע שטיינער און לייג זיי אַוועק ביים אַריינגאַנג אין פּרעדס פּאַלאַץ אין תחפנחס, פאַר די אויגן פון מענטשן פון יהודה־לאַנד און זאָג צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט יהוה־צבאות ישראלס גאָט, איך שיק און נעם נבוכדנצרן דעם קיניג פון בבל מיין קנעכט און וועל אַוועקשטעלן זיין טראָן איבער די דאָזיקע שטיינער, וואָס איך באַהאַלט, און ער וועט אויסברייטן זיין גלאַנץ איבער זיי און ער וועט קומען און צעשלאָגן דאָס לאַנד מצרים... און ער וועט צעברעכן די זיילן פון זונען־טעמפּל, וואָס אין לאַנד מצרים, און די טעמפּלען פון די מצרישע געטער וועט ער אין פייער פאַרברענען...

דאָס איז דער נביאישער אורטייל איבער מצרים ווי איבער בבל, ווען אין דעם אומאויפהערלעכן אימפּעריאַליסטישן קריג זייגען נישטאָ קיין זיגער און קיין באַזיגטע, — נאָר קרבנות.

און אַלס פּראָטעסט אַנטקעגן דעם געוואַלט פון זיינע לאַנדס־לייט, זאָגט ער צו זיי מיט דערזעלביקער דרייסטקייט: „אויב איר וועט קומען אין מצרים כדי דאָרטן צו לעבן, וועט אייך אויך דאָרטן גרייכן דער שווערד, פאַר וועלכן איר האָט מורא, און דער הונגער, פאַר וועלכן איר זאָרגט, וועט אייך דאָרטן טרעפן, און איר וועט שטאַרבן“.

הערשנדיקע קלאסן. ווער ווייס, ווי עס האט זיך איצט פינאנדער-געשפילט די פאנטאזיע פון אלטן רעוואלוציאנער, מיט וואס פאר א גערדאנקען ער האט זיך ארומגעטראגן אין הרובן ירושלים, וואו עס זייגען צעשטערט געווארן אלע טעמפלען און פאלאצן, וואו עס זייגען נאך אבער פארבליבן געגוג הייזלעך פון ארעמע האנט-ווערקער. אנשטאט דער געפאלענער מלוכה פון רויבער און אינ-טערהדריקער, האט ער געוואלט בויען א מלוכה פון „ארעמען פאלק".

אבער דעם גרויסן רעוואלוציאנער און מלוכה-צעשטערער איז נים באשערט געווען צו ווערן א מלוכה-בויער.

ניט באַרואיקט האבן זיך נאך די הערשנדיקע קלאסן, וואס זייגען פון זייערע פאלאצן און נחלאות ארויסגעווארפן געווארן אין פרעמדן לאנד. זיי האבן אין דעם פחוו פון דער דעמאקראטיע צו באפעסטיקן זיך אין הרובן פאטערלאנד געזען א געפאר פאר זייערע אינטערעסן. זיי האבן מורא געהאט, אז זיי זאל ניט אויסקומען צו געזעגענען זיך אויף אייביק מיט זייערע נחלאות, וואו דאס „ארעמע פאלק" האט פריער געארבעט אלס געדונגענע ארבעטער אדער קנעכט, און אז די דוד-דינאסטיע זאל ניט פארלירן די האפענונג, ווען עס איז צו קומען צו דער הערשאפט. די צע-זייטע טיילן פון יהודהס מיליטער מיט א פארשטייער פון דער קעניגלעכער פאמיליע ישמעאל בן נתניה אין דער שפיץ, וועלכע האבן אויסגעמיטן די בבלישע אקופאנטן, האבן אומגעוואנדערט איבערן לאנד און נאכגעשפירט, וואס עס טוט גדליהו און זיינע אנהענגער. פון צייט צו צייט, האבן זיי פארגענומען איינצלנע טעראריסטישע אקטן. אויסגענוצט דעם מאמענט, אין וועלכן די בבלישע מלוכה האט זיך אריינגעמישט אין א מלחמה מיט מצרים, האבן די טעראריסטן געטויט גדליהון און זיינע אנהענגער, צע-שטערט דעם דעמאקראטישן צענטער מצפה און אוועקגעפירט מיט געוואלד די פויערים-מאסע קיין מצרים, כדי אריינצוציען זי אין דער

## 13. די נבֿואה־באַוועגונג אויפֿן בבֿלישן באָדן. איר ירידה און לעצטע אויפֿשטראַלונג.

פֿאַר דער נבֿואה, אַלס אַ סאָציאַלע באַוועגונג, איז ענג געוואָרן דער וועג. די עטלעכע נבֿיאים ווי ירמיהו, מיט שטייפֿע אויסגעהאַלטענע כאַראַקטערן, האָבן געהאַט מוט צו שטאַרבן מיט אַ קללה צו דעם בבֿלישן און מצרישן אימפּעריאַליזם און צו זייערע אייגענע לאַנדס־לייט, וואָס האָבן אַרויסגעריסן די לעצטע וואָרצלען פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעכער באַוועגונג אין דער היים. עס זיינען אָבער געווען ייִנגערע אָנהענגער פֿון דער נבֿואה־ריכטונג, וואָס האָבן געדאַרפֿט לעבן און אַרבעטן ביי די נייע באַדינגונגען און פֿון וועלכע די פּאָליטישע קאַטאַסטראָפֿע האָט געפֿאָדערט אַן אַנדער פּראַקטישע פּראָגראַם, אַ פּראָגראַם פֿון צופּאַסונג.

די ראַדיקאַלע אידעען פֿון די נבֿיאים זיינען געווען פֿאַרמשפּט צו אַ ירידה, זייערע פֿליגלען זיינען אונטערגעשניטן געוואָרן און זיינען צוריק מער ניט אויסגעוואַקסן.

דער גרויסער ליקווידאַטאָר פֿון דער נבֿואה־באַוועגונג אין איר פֿריערדיקער געשטאַלט איז געווען יחזקאל, וועלכער איז אין דער ערשטער העלפֿט פֿון זיין לעבן און טעטיקייט געשטאַנען אין איין שורה מיט די גרויסע פּאָליטישע נבֿיאים. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון זיין לעבן איז ער אָבער געוואָרן דער היסטאָרישער קבֿרות־מאַן פֿון דער נבֿואה. זיין אידעאָלאָגישע אַנטוויקלונג גייט האַנט ביי האַנט מיט די פּאָליטישע געשעענישן פֿון זיין צייט. ער שטאַמט ווי ירמיהו פֿון דער כּהנים־אַריסטאָקראַטיע, רייסט איין זיין צובונד מיט איר, און דערהויבט זיך דורך דעם פּאָליטישן און ביל־

און וואָס בלייבט איצט דעם נביא, ווען זיין האָפֿענונגס-לאַנד ליגט חרוב, און די וועלט איז אַרומגעכאַפּט מיטן פֿייער פֿון קריג? זיין לעבן פֿאַרלירט יעדן ציל און באַדייטונג. און דער היסטאָריקער וויס נאָך עד-היום ניט זיכער, צי האָט דער טויט אַליין אויסגעלייזט דעם רעוואָלוציאָנערן זקן, אָדער אפֿשר האָט ער מיט זיינע אייגענע הענט איבערגעריסן זיין טראַגישן לעבן.

---

אַ צייט אירע הויכע אידעאַלן אויף אַ גאַנגבאַרער מטבע. די האָט אָנשטאָט סאָציאַלע אוטאָפּיעס געשטעלט זיך אויפֿן וועג פֿון רעאַלער פּאָליטיק. עס איז מיט איר אייגנטלעך געשען דאָס אייגענע, וואָס קומט פֿאָר מיט אַלע סאָציאַלע באַוועגונגען, וועלכע זײַנען ניט צוגעפּאַסט צו דער צייט: כּל־זמן זייערע טרעגער פֿאַרנעמען זיך מיט דער קריטיק פֿון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, וועלכע ווערט אָנגעפֿירט דורך אַנדערע, קאָנען זיי בלײַבן מאַקסי־מאַליסטן אין זייערע פֿאָדערונגען, אָבער ווען דער אַפּאַראַט פֿאַלט אַרויס פֿון די פֿריערדיקע הענט און פֿאַלט אַרײַן צו זיי, מוזן זיי אָנהייבן זייער אייגענע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿון אַ באַשטימטן מינימום, איבער וועלכן זייער צייט קאָן זיך פֿאַקטיש ניט דערהייבן.

די ווירטשאַפֿטלעכע באַדינגונגען האָבן זיך גראָד געשאַפֿן גינסטיקע. אויפֿן נייעם שטח, וואו עס האָט די געפּרוּווט קאָלאָניזירן די בבֿלישע מלוכה, האָבן זיי געקאָנט אומגעשטערט אײַנאָרדענען זייער לעבן, בויען הײַזער, פֿלאַנצן ווײַנגערטנער און זייען פֿעלדער. עס האָט געפֿעלט הערצער אָבער צום אָנהייב די נייטיקע געזעלשאַפֿטלעכע איניציאַטיוו, די עמיגראַנטן־מאַסע איז מוטלאָז געהאַנגען אין דער לופֿטן און געוואָרט אויף אַ מעגלעכקייט אומצוקערן זיך צוריק אַהיים.

שוין ירמיהו האָט געוואָרנט פֿון דער געפֿאַר, וואָס ליגט אין אַזאַ אָפּהענטיקייט. „בויט הײַזער, זייט פֿעלדער, פֿלאַנצט ווײַנגערטנער!“ — שרײַבט ער אין זײַן פּאָליטישן בריוו צו די פֿאַרטריבענע.

יחזקאל שטייט שוין פֿאַר אַ פֿאַקט. די נייע געזעלשאַפֿט אָרגאַניזירט זיך שוין ווירטשאַפֿטלעך. איצט דאַרף זי באַקומען איר אינעווייניקסטע קאָנסטיטוציע. און דאָ טרעט אַרויס יחזקאל אין זײַן נײַער ראָל, וועלכע איז אונז ניט גענוג קלאָר, ווײַל מיר ווייסן ניט

דער־ריכן סטיל פֿון זײַנע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע נבֿיאות אָפּט צו אַזאַ הױכער מדרגה, װעלכע עס האָט ניט דערגרײכט אַפֿילו ירמיהו. ער שטורעמט די כנענישע, מצרישע און בבֿלישע הערשנ־דיקע קלאַסן און גײט מיט די מאַסן פֿון זײַן פֿאָלק אַגעפֿאַנ־גענער קײן בבֿל.

געפֿינענדיק זיך דאָ צװישן די עלנטע און פֿאַרטריבענע, טראָגט ער זיך ניט אײנמאָל אַריבער אין זײַן פֿאַנטאַזיע אין הרובֿן יהודה־לאַנד, ער חלמט פֿאַר זיך אַ שטיץ־פּונקט אין דער נײַער װירקלעכקײט; ער איבערצײַגט זיך אָבער, אַז ער האָט פֿאַר זיך נאָר „אַ טאָל מיט טרוקענע ביינער", איבער װעלכע עס הײבן זיך קוים אָן צו פֿאַרציען אָדערן און פֿלײש.

אַ פֿאָלק אין אַזאַ צושטאַנד איז שװער ניט מסוגל צו זײַן אַ מוסטער פֿאַר אַנדערע פֿעלקער: ער מוז זיך, קודם־כּל, באַפֿעסטיקן, און אין דער בבֿלישער פּראָװינץ, אױף די ברעגן פֿון טײַך כּבֿר, װאוהין עס האָט אים איצט פֿאַרװאָרפֿן זײַן גורל, שאַפֿן זיך עקזיסטענץ־באַדינגונגען, בײַ װעלכע ער זאָל זיך ניט אױסמישן מיט די, װעמעס קולטור און פּאָליטיק די נבֿואה האָט פֿאַראורטײלט. נאָך באַפֿעסטיקנדיק זיך דאָ עקאָנאָמיש, האָט מען געקאָנט האָפֿן, אַז יענער רעשט פֿון פֿאָלק (שאר ישובֿ), װעגן װעלכן עס האָט גערעדט ישעיהו, װעט אַרױס װען־עס־איז פֿון דעם לײַטער־קעסל פֿון די פּאָליטישע געשעענישן און װעט גרײט װערן צו יענע היסטאָרישע אױפֿגאַבן, װעלכע עס האָט אױף אים אַרױפֿגעלײגט די נבֿואה.

צו אַבסטראַקט זײַנען איצט געװען די נבֿיאישע אידעען, אַז מען זאָל אױף זײ קאָנען קאָנקרעט פֿאַראײניקן דעם געמיש פֿון דער עמיגראַציע, אין װעלכער דעם באַדײַטנדיקן אָרט האָט פֿאַר־נומען די פֿריערדיקע אַריסטאָקראַטיע און די באַזיצנדיקע קלאַסן. און די נבֿואה איז אַראָפּ פֿון איר הײך, האָט פֿונאַנדערגעביטן אױף

טעאַקראַטיע און טיראַניע, האָט זי אַלס באַשטאַנדטייל פֿון אירע הייליקע ביכער דורכגעטראָגן איבער דער וועלט פֿון אַלטע און נייע באַרבאַרן די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור פֿון אַלטן ישׂראל, אָפּגעהיט זיי פֿאַר די פֿאָלקס־מאַסן אַלס אַ צוקונפֿט־לערע. און אין די האָט די צוקונפֿט ווירקלעך געפֿונען איר אומערשעפּלעכן רעוואָלוציאָנערן קוואַל.

---

דער יאָר 538 איז געווען אַן אַנטשיידנדיקער אין דער לאַנגער געשיכטע פֿון אַדראַטישן אימפּעריאַליזם. עס איז ניט אַריבער קיין הונדערט יאָר נאָכן פֿאַלן פֿון אַשורישן אימפּעריאַליזם, ווי עס פֿאַלט שוין זיין לייזגשאַפֿטלעכער היסטאָרישער קאָנקורענט — דער בבֿלישער אימפּעריאַליזם. אימשפּרייטנדיק זיינע אָדלער־פֿליגלען, ווי אַן אמתער ריב־פֿויגל, פֿאַלט די „לוסטיקע, געקרוינטע" בבֿל, מיט אירע פּאַלאַצן און לופֿט־סעדער, אָפּגעשוואַכט און העמאָראַלירט דורך אירע אייגענע סאָציאַלע סתירות.

די יידישע כראָניק מאָלט נאָבוניד, דעם לעצטן פֿאָרשטייער פֿון דער בבֿלישער מלוכה, ממש אין דיזעלביקע פֿאַרבן, ווי די בבֿלישע כראָניק דעם לעצטן פֿאָרשטייער פֿון דער אַשורישער מלוכה, אַשור־בניפּל. דאָס בילד פֿונם פֿאַלנדיקן אימפּעריאַליזם איז אייגנטלעך דאָס זעלבע איבער גאַנצן שטה פֿון דורות און יאָרהונדערטן.

אין דעם לוסטיקן קיניגלעכן טעמפּל, אויף די ברעגן פֿון פּרת ציען זיך מאָלצייטן טאָג און נאַכט. דער קיניג מיט זיינע אויסדערוויילטע טרינקען און מאַכן זיך לוסטיק. עס בלאַנקען די גאָלדענע כלים, עס שפּילט דער ווין, קנעכט פֿון אַלע פֿעלקער דערלאַנגען די בעבֿערם זייערע הערשער. ווען גייט אָן דאָס, וואָס אויף יענער זייט טייך, הינטער די מעכטיקע מויערן גראָבלען זיך מחנות פֿון עלנטע אויפֿשטייענדיקע קנעכט.

בענוג, איף וויפל די טעאלאגישע רעדאקטארן האבן פון אונז באהאלטן דעם קאמף, וואס האט זיך געפירט הינטער די קוליסן און וואס פאר א ראל עס האט אין אים געשפילט יחזקאל פון איין זייט, און די דעמאקראטישע זקנים און די ירושלימער כהנים־אריסטאקראטיע פון דער צווייטער זייט.

מיר וויסן נאך איין זאך, אז ווי דער יחזקאל־בוך שילדערט אונז דעם אנטוויקלונגס־גאנג פון נביא, קומט ער פאר אונז איצט אויף אין דער געשטאלט פון א רעפארמאטאר, וועלכער קאנסערווירט די פארמען פון רעליגיעזן קולט און פאסט זיי צו אין אלע פרטים צו די ווירטשאפטלעכע תנאים פון דער עמיגראציע. מעג ער דערפאר פארדינען דעם נאמען פון א רעליגיעזן רעפארמאטאר אדער רעאלן פאליטיקער, אבער מיט די גרויסע נביאים האט ער שוין מער ניט וואס צו טאן. ער איז, ווי מען מיינט, דער פאטער, דער באגרינדער פון דער יידישער טעאקראטיע, קעגן וועלכער די דעמאקראטישע פארטייען און דאס פאלק האבן געהאט שפעטער איפּן היימישן באדן אויסצושטיין א לאנגן געזעלשאפטלעכן קאמף.

דא האט צום ערשטן מאל זיך אנגעהויבן יענע גרויסע זאמל־ארבעט, יענע טעאלאגישע באארבעטונג פון די היסטארישע מאטעריאלן, וועלכע עזרא האט הערנאך אונטערגעטראגן דער יידישער עפנטלעכקייט אין א פארטיקער געשטאלט.

ווען מיר וואלטן געקאנט אריינקוקן אין ארבעטס־צימער פון די תל־אביבער כהנים־שרייבער אין יענער צייט, וואלטן מיר געקאנט אויפדעקן דעם כאראקטער פון יענער צעגזורה, וועלכע איז פארגענומען געווארן אויך איבער די פארשריבענע רעדעס פון די נביאים, אידער זיי זיינען פארהייליקט און אויפגענומען געווארן אלס א טייל פון דער פארחתמעטער טראדיציע.

איינע פון די מערקווירדיקסטע ערשיינונגען פון דער יידישער רעליגיע־געשיכטע איז, וואס דורך לאנגע דורות פון פינסטערער

ספק דורך דער וויסנשאַפֿטלעכער קריטיק. זיינע נעפּלהאַפֿטע ועאונגען און חלומות און גלויבן אין לעבן נאָכן טויט חקן אַרויס דעם געוואונטן סאָציאַלן באָדן פֿון אונטער זיין טעטיקייט. אין דערוועלביקער צייט האָבן מיר די אַרויסטרעטונג פֿון אַן אַנדער נביא מיט אַ מעכטיקן עקסטאַז און טעמפּעראַמענט, וועלכער דערמאָנט מיט זיך די נביאישע קלאַסישע מוסטערן; אַ נביא פֿון גאָטס גענאָד, וואָס אין זיינע אַרויסטרעטונגען וואַרפֿט פֿון זיך די נבואה אַראָפּ דעם שוואַרצן מאַנטל פֿון שאַרפֿער קריטיק און ערנסטער התראה, נאָר פֿאַרקערט, טרייסט און באַרויִקט, וועקט נייע האָפֿענונגען און רופֿט צו איביקער פֿרייד און צו סאָציאַלן גליק. אַ נייע תקופֿה עפֿנט זיך פֿאַר די, וואָס זיינען אַרויס בשלום פֿון דעם לייטער-קעסל פֿון בבלישן אימפּעריאַליזם, ווען מיט דעם נצחון פֿון כורש, דעם זון פֿון דער פּערסישער דעמאָקראַטיע, דאַרף זיך אָנהייבן אַ נייע צייט, אַ צייט פֿון סאָציאַלן גליק פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון דער געפֿאַלענער מאָנאַרכיע, וואָס האָבן געליטן צוזאַמען מיטן פּערסישן פֿאָלק.

אונז איז, ליידער, ניט געבליבן באַקאַנט דער נאָמען פֿון דעם דאָזיקן סאָציאַלן אוטאָפּיסט (די וויסנשאַפֿט רופֿט אים ישעיה דער צווייטער, ווייל זיינע נביאישע רעדעס געפֿינען זיך אין סוף פֿון ישעיה-בוך). ער האָט נאַאיוו ניט צוגעלאָזן דעם געדאַנק, אַז קנעכט פֿון נעכטן זאָלן קאָנען ווערן מאָרגן ניי-געקרוינטע טיראַנען. אונז איז אָבער טייער דער הייליקער ערנסט פֿון דעם מאַן, וואָס וויל גלויבן, אַז מיטן פֿאַלן פֿון בבל איז געפֿאַלן אויף איביק די מלוכה פֿון אונטערדריקונג און שלעכטס.

אים דאַכט זיך, אַז די גאַנצע נאַטור האָט אָפּגעעטעמט פֿריי, ווען די טיראַנען זיינען געפֿאַלן. יהוה, דער גאָט פֿון סאָציאַלער גערעכטיקייט, טראָגט זיך טריאומפֿירנדיק איבער די בערג און טאָלן. פּונקט ווי בבל איז געווען אַ שטעקן אין יהוהס האַנט צו

און אין יענער נאַכט איז דער שיכורער דעמאָראַליזירטער בבלישער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אין זיינע נעגל געהאַלטן אַ גרויסן טייל פון דער קולטור-וועלט, געפאַלן. די אונטערדריקטע פּערסער און מעדער האָבן אָפּגעפּירט דאָס וואַסער פון פּרת אין אַקינסטלעכן קאַנאַל און האָבן פאַרכאַפּט די היפּט-שטאָט מיט אירע שיכורע הערשער.

אין אַלם דעם העלד און נביא פון יענער היסטאָרישער נאַכט וויל די שפּעטערדיקע לעגענדע זען דניאלן, וועלכער האָט זיינע צוקונפט-חזיונות איבערן פּאָליטישן גורל פון בבל אָנגעקליידט אין דעם לבוש פון מיסטישע חלומות און פאַרשטעלונגען 1).

ווען די מאַלצייט דערגייט צו איר העכסטער מדרגה און דער שיכורער שוועלגלינג הייסט זיך דערלאַנגען די בעלערס פון הייליקן טעמפּל אין ירושלים, כדי צו טרינקען פון זיי אין סימבאָלי-זירן דעם בבלישן נצחון איבער ירושלים, באַווייזט זיך אין פּאַלאַץ אַ וואונדערלעכע האַנט, וועלכע שרייבט אָן אויפן וואַנט אַ סודות-פולע אויפשריפט; עס ווערט אַרויסגערופן דניאל, וועלכער פּילט שוין דעם סוף פון דער בבלישער מאָנאַרכיע.

בשעת ער ליינט פאַר די שיכורע הויף-לייט די פאַטאַלע אויפשריפט, הערט זיך שוין אין דער נאַכטלעכער שטילקייט דער געלאַף פון די פּערסישע פערד, און דער אויסגעשריי פון די פרייערדיקע קנעכט, וועלכע וועלן מיטן זונען-אויפגאַנג ווערן די הערשער פון בבל.

די גאַנצע אַרויכטרעטונג פון דניאל און זיין פּאָליטישע ראָל אין דער אונטערגאַנגס-צייט פון בבל ווערט אַוועקגעשטעלט אין

1) עס איז אונז איצט שווער צו פאַרשטיין, צי זיינען דניאלס טונקעלע זעאונגען נאָר אַ פּראָדוקט פון דער פּערסיש-בבלישער מיסטיק אָדער אַ ריין פּאָליטישער מיטל אויף צו באַהאַלטן זיינע ארויסטרעטונגען אנטקעגן די הער-שער פון בבל, פאַר וועלכע ער האָט געליטן נים איינמאָל די גרעסטע עינויים.

דעם גאָט פון גערעכטיקייט, גערעכטיקייט פאַר אַלעמען און קעגן אַלעמען. ער איז העט גאָט פון ישראל נאָר אויך וויפל ישראל איז דער טרעגער פון גערעכטיקייט.

געזינגט האָט דעריבער יהוה, דאָס הייסט, די וועלט־גערעכטיקייט. און ניט די האַרן און כהנים פון דער אָפיציעלער ירושלימער אמונה, נאָר דער פּערסישער פּאַסטוך כורש איז געווען איר פאָן־טרעגער. „ער איז דער משיח פון יהוה, וועלכן ער האָט אָנגענומען פאַר דער רעכטער האַנט, כדי אַראָפּצוזעצן פאַר אים פעלקער און פונאַנדערבינדן די לענדן פון (געפאַנגענע) מלכים, עפענען פאַר אים טירן, און טויערן זאָלן ניט פאַרשלאָסן ווערן. יהוה גייט פאַר אים, לייגט הרך אין מדבר אַוועג, גלייכט אויס די קרומעניזשן, פאַרשיט די טיפע טאָלן און בויגט אונטער די הויכע בערג, „צעברעכט קופּערנע טירן און צערייסט אייזערנע ריגלען" „און די הימלען פון אויבן וועלן טריפן און רינען גערעכטיקייט, עס וועט זיך עפענען די ערד און אַרויסשפּראָצן הילף, און עס וועט אויסוואַקסן גערעכטיקייט".

אין צענטער פון דער גאַנצער וועלט פון גערעכטיקייט וויל דער נביא אָבער זען זיין פאָלק, וועלכן זיין גאָט האָט דורכגעפירט דורכן פייער פון אימפּעריאַליסטישן קריג און אויסגעלייטערט אין צוגעגרייט צו אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

און אין דער מינוט פון גייסטיקער דערהויבונג גלויבט דער נביא, אַז זיין גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע איז דערפילט, און ער ווענדט זיך מיט באַגייסטערונג צו דער גאַנצער מאַסע פעלקער:

„הערט מיך אויס אינזלען, פאַרנעמט פעלקער פון דער ווייטן. יהוה האָט מיך פון געבאָרן גערופן, פון דער מוטערס־לייב מיין נאָמען גערופן, האָט געמאַכט מיין מויל ווי אַ שאַרפן שווערד, האָט מיך אין שאָטן פון זיין האַנט באַהאַלטן, האָט מיך געמאַכט פאַר אַן אויסדערוויילטע פייל, אין זיין שייד—האָט ער מיך באַהאַלטן...

שטראָפֿן פֿעלקער, אַזוי איז איצט כּורש אַ באַלזאַם צו די וואונדן פֿון דער וועלט, דײַן אויסדערוויילטער דינער, וואָס קומט אַראָפּצונעמען די קייטן פֿון דער געקנעכטעטער געזעלשאַפֿט. דער אימפּעריאַליזם האָט געטראָפֿן שווער די פֿעלקער, וואָס זייער אינעווייניקסט לעבן איז געווען געבויט אויף אומרעכט און אומגלײַכקייט. דער דערלייזער פֿון אימפּעריאַליזם טראָגט דער וועלט גלײַכקייט און גערעכטיקייט. דער נבֿיא דריקט אויס דעם ווירקלעכן עקסטאַז פֿון יענער צייט. די פֿעלקער האָבן געלייגט האָפֿענונגען אויף זייער באַפֿרייער. בײַ די חורבֿות פֿון געפֿאַלענעם בבֿל גיסט זיך צונויף אין איין פֿרייד-געשריי דער קול פֿון ישׂראלשע, פּערסישע, מעדישע, אַראַמעאישע און כּנענישע קנעכט, וועלכע זײַנען געשטאַנען בײַם קבֿר פֿון אַלגעמיינעם פֿײַנט.

איז דען דאָס ניט געקומען דער משיח-קיניג, וועלכן „עס שטיצט יהוה, דער גאָט פֿון סאָציאַלער גערעכטיקייט? דער אויסדערוויילטער, דער נשמה-געגאַרטער, אויף וועלכן עס רוט גאָטס גײַסט און וועלכער וועט אַרויסטראָגן זײַן אורטייל איבער פֿעלקער? דער וואָס וועט ניט באַפֿעלן און ניט אויפֿהויבן אין דרויסן זײַן קול, אַ צעבראָכענעם שטעקל וועט ער ניט איבערברעכן, און אַ טונקעלן פֿלאַקסן (פֿײַער) וועט ער ניט פֿאַרלעשן, אמת — וועט זײַן זײַן אורטייל, ער וועט ניט מיד ווערן און וועט ניט צעבראָכן ווערן, ביז ער וועט ניט טאָן רעכט אין לאַנד, ביז צו זײַן לערע וועלן גאַרן די פֿעלעקר".

דער בעל-קולט איז געפֿאַלן צוזאַמען מיטן בבֿלישן אימפּעריאַליזם, ווי עס זײַנען געפֿאַלן פֿריִער די רעליגיעס, וואָס האָבן זיך פֿאַרבונדן מיטן פּאָליטישן גורל פֿון די הערשנדיקע פֿעלקער און קלאַסן. איבערן גרויסן געטער-בית-עלמין האָט טריאומפֿירט איצט יהוה, ווײַל ער האָט זיך ניט פֿאַרבונדן מיטן גורל פֿון איין איינציקן פֿאָלק און קלאַס, ווײַל ער איז אויסגעוואַקסן אין

פּאַרטיי, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן, קאָנטיק, דורך יחזקאל.
ביידע זיינען די געקומען אָרגאַניזירט, האָבן צוערשט געאַרבעט
צוזאַמען, באַלד פּאָליטיש פֿונאַנדערגעגאַנגען זיך און פֿון צייט
צו צייט באַקומען פֿון בבל נייע רעזערוון, ששבצר און זרובבל,
אַלס די פֿאָרשטייער פֿון דער געוועזענער דינאַסטיע, און שריה און
יהושע בן יהוצדק, אַלס די פֿאָרשטייער פֿון דער ניי-אויפֿגעקומענער
טעאָקראַטיע. מיר זעען זיי ווי אינדיווידועל אָנגעזעענע געשטאַלטן,
אָנפֿירער פֿון די צוריקקערנדיקע, וועלכע זיינען אַלע גלייך אַרומ-
געכאַפּט דורכן עקסטאַז פֿון בויען ווידער די אַלטע היים. אָבער
גאָר אין קריטישע מאָמענטן גייען זיי זיך צונויף, עס שפּילט זיך
פֿונאַנדער צווישן זיי גיך אַ פּאַרטיי-קאַמף, אַ שוואַכן אָפּקלאַנג פֿון
וועלכן מיר הערן אין די פֿראַגמענטאַרישע לעצטע נבֿואות, וואָס
האָבן געקלונגען אויפֿן היימישן באָדן. און דער פּאַרטיי-קאַמף האָט
זיך געמוזט פֿירן, ווייל טיף פֿאַרשידן זיינען געווען די וועגן און
צילן פֿון דער אַריסטאָקראַטיע און טעאָקראַטיע. וועגן די פּרטים
פֿון דעם קאַמף דערציילט אונז אָבער אַזוי גוט ווי גאָרנישט די
כראָניק פֿון דער זיגרייכער טעאָקראַטיע. מיר קאָנען נאָר פֿאַר-
שטיין די קראַפֿט פֿון דעם פּאַרטיי-קאַמף נאָך זיין מעכטיקן רע-
זאָנאַנס נאָך דעם, וואָס עס האָבן זיך אין אים אַריינגעמישט
און אויסגענוצט אים פֿאַר זייערע צוועקן די שכנישע שומרונים,
דער פּערסישער סאַטראַפּ פֿון סוריא און אַפֿילו די צענטראַלע
פּערסישע מאַכט. ניט אָן קאַמף האָט די אַלטע ישראלשע טעאָ-
קראַטיע אָפּגעטראָטן אירע געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס פֿאַרן נייעם
כּהנים-ראַט מיטן כּהן-גדול אין דער שפּיץ.

און אין דעם דאָזיקן קאַמף איז די לעצטע נביאים נאָר אויס-
געקומען צו שפּילן די עלנטע ראָל פֿון פֿאַרמיטלער. צעריסן אינ-
גאַנצן מיט ביידע אויסגעוואַקסענע פּאַרטייען, וועלכע זיינען גע-
שטאַנען אויפֿן באָדן פֿון די רעאַלע באַדערפֿענישן און דערהויבן

און איך האָב שוין געטראַכט, אַז אומזיסט האָב איך זיך געמיט, אַז אַ איף גאָרנישט האָב איך מיין כוח פאַרשווענדט, אָבער מיט יהוה (ס רעכט) איז מיין רעכט, מיט יהוה (ס פאַרדינסט) איז מיין פאַרדינסט"...

ניך איז אָבער איף די חאַינען פון דער בבלישער אימפעריע אַנטשווינן געוואָרן די נביאישע באַגייסטערונג. די געזעלשאַפט איז חי אימעטום געבליבן געבויט איף יסודות פון קעגנזאַמשאַפט און אומגלייכקייט, און כוחש, וועלכער האָט די ערשטע צייט באמת געגעבן ברייטע פאָליטישע פרייהייט די פעלקער פון דער געוועזענער בבלישער מאָנאַרכיע, האָט זיך אין גרונט ניט אָפּגעזאָגט פון דער הערשאַפט איבער פעלקער, פון דער אימפעריאַליסטישער פאָליטיק.

דאָס פאָלק באַנוצט זיך איצט מיט דיין רעכט אומצוקערן זיך אין יהודה. דאָס דינען דאָס חב שטאָט־לייט, האַנטווערקער און הענדלער און אין דייער שפיץ—כהנים פון דער טעאָקראַטישער יהוקאַלישער שול און עלעמענטן פון חער אַלט־ישראַלישער אַרי־סטאָקראַטיע, וועלכע האָבן געהלזמט וועגן דער רעסטאַוראַציע פון דייער הערשאַפט. דאָס לעבן גייט אַריין צוריק אין זיין ענג־נאַציאָנאַלער מחיצה, די פעלקער קאָנצענטרירן זיך עקאָנאָמיש אין דייערע גרענעצן, כדי צו פאַרהיילן לאַנגזאַם די וואונדן, וועלכע עס האָט די פאַרשאַפן דער שווערער קאַמף מיטן בבלישן אימ־פעריאַליזם. מיט אַ נייער ליידנשאַפט, וואָס איז נאַטירלעך אין אַזאַ תקופה, האָבן די פאַרמעגלעכע קלאַסן באַמיט צו קאָנצענטרירן זיך אין ירושלים און אַריינגעמען אין דייערע הענט די נחלאות און די מאַכט. עס הייבט זיך אָן אַן ערנסטער קאַמף צווישן צוויי פּאַרטייען, וועלכע פּרעטענדירן איצט איף דער הערשאַפט אין לאַנד: צווישן דער וועלטלעכער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי, און וועלכער עס פאַרנעמען העם ערשטן אָרט די פאָרשטייער פון דער פריעדיקער קיניגלעכער פאַמיליע, און צווישן דער טעאָקראַטישער

שכנים, די שומרונים, וועלכע שלמנאסר האָט דאָ געהאַט קאָ-לאָניזירט, האָבן ענג געמאַכט דער באַפֿעלקערונג פֿון יהודה.

דאַן האָט נחמיה געוואָרפֿן די אָנגעזעענע מלוכה-שטעל, וואָס ער האָט פֿאַרנומען אין קיניגלעכן הויף אין שושן, איז געקומען אין זיין חורבן פֿאָטערלאַנד, באַפֿרייט אַלע קנעכט, אומגעקערט צוריק די ערד, וועלכע די פֿאַרמעגלעכע קלאַסן האָבן צוגענומען ביי די פויערים פֿאַר אַלטע חובות, איינגעפֿירט דעמאָקראַטישע אָרדענונג אין דער הויפּט-שטאָט, צונויפֿגערופֿן פֿרייוויליקע מתנות פֿון אַרבעטער צו בויען די שטעט פֿון לאַנד, אָרגאַניזירט דעם שוץ פֿון דער באַפֿעלקערונג, און האָט אַליין טאָג און נאַכט געאַרבעט און געוואַכט אויף די מויערן פֿון ירושלים.

זיין גאַנצע אַרבעט איז געווען דורכגעדרונגען דורך אַ טיף דעמאָקראַטישן גייסט, אַפֿילו אין דער געשטאַלט, ווי עס שילדערט די דער טעאָקראַטישער כראָניקער.

אָבער אומבאַקאַנטע געשעענישן רייסן איבער זיין געזעלשאַפֿט-לעכע טעטיקייט. קאָנטיק, אַז זיין אַרבעט האָט זיך צעשלאָגן אָן דעם אייזערנעם הערשער-ווילן פֿון דער אויפֿגעקומענער טעאָקראַטיע. דאָס יאָר פֿון זיין לעצטן אַוועקגאַנג פֿון ירושלים (432 פֿאַרן קריסטלעכן צייט-חשבון) דאַרף פֿאַררעכנט ווערן, אַלס דער יאָר פֿון דעם ענדגילטיקן אונטערגאַנג פֿון דער נבֿואה-באַוועגונג.

---

דיך צו דער הויך פון איר פריערדיקן ראַדיקאַליזם, איז זי שוין ניט מער בכּוח. אירע פאָרשטייער זעען איצט אויס, ווי שאָטנס, ניט זיי ריידן נאָר זיי שטאַמלען, זיי חזרן צום טייל איבער די רייד פון די פריערדיקע נביאים, די לעבן מער אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווי אין דער צוקונפט.

די נבואה אַלס ראַדיקאַלע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג קומט צו איר סוף. די אידעען פון גלייכקייט און ברידערלעכקייט, וואָס די נביאים האָבן וועגן איר מיט אַזוי פיל פייער און עקסטאַז געחלומט, ווערט איצט איבערגעטראָגן דורך דער טעאָקראַטיע אויסער די גרענעצן פון ערדישן קיום און פאַרבינדט זיך מיט דער אמונה אין יענער וועלט און אין תּחית־המתים, וועלכע איז בלי־ספק איבערגענומען געוואָרן — און גראָד אין נייטיקן מאָמענט — פון דער פּערסישער אמונה. דאָס איז געווען דער לעצטער טראָפּן גיפט אין בעכער פון דער שטאַרבנדיקער נבואה.

איר לעצטן אָטעם, אירע לעצטע אַנטפּלעקונגען אין דער מלוכה־פּראַקטיק, זעען מיר נאָך איין איינציקן מאָל, אין מיטן פון פינפטן יאָרהונדערט. די געשיכטע האָט איר פאַרגונען אַזאַ שיינעם אונטערגאַנג, ווי שיין עס איז געווען איר לעבן.

ווי דער לעגענדאַרער שמשון הגבור, שוין אַ בלינדער און אָפּגעשוואַכטער, האָט צונויפגעזאַמלט זיינע לעצטע כּוחות און איבערגעבראָכן די זיילן פון דגון־טעמפּל, אַזוי האָט איצט דער נייער שמשון פון דער נבואה, דעם גאַנצן ברען פון זיין גייסט אין זיין געוואַלדיקע ענערגיע אַוועקגעשענקט אויפן לעצטן קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די אידעען פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

אין דער דאָזיקער מאַן, וואָס איז באַהדילט געווען מיטן גייסט פון דער שטאַרבנדיקער נבואה, איז נחמיה. דאָס איז געווען, קאָנקרעטיק, אַ צייט, ווען די ביידע פּאַרטייען זיינען מיד געוואָרן פון קאַמף, די בוי־אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט און די צפונדיקע

# אינהאַלט:

זייט

